# CONTROL TEST TARGET
## for Kodak Quality Monitoring















Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww Xx Yy Zz

Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww

Note: This target is intended for routine quality control checking and uniformity.
It is not to be used for certification of meeting any ANSI or ISO Standards for image quality requirements.
Note: To record background density, use a blank sheet of white paper.

A-2289 CAT 800 7403 Rev. 2/00 @ Eastman Kodak Company, 2000 Printed in U.S.A.

Document Imaging
EASTMAN KODAK COMPANY
Rochester, New York 14650
1-800-232-8811

DOCUMENT IMAGING



Nathansen, Henri.
Hinter moyern : pyese in 4 aktn.
Varsha : Tsentral, 1922.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005- 1897.3

**Nathansen, Henri, 1868-1944.**
Hinter moyern : pyese in 4 aktn / Henri Natansen ; Yidish durkh Zalmon Zilbertsvayg. Varsha : Tsentral, 1922.
iv, 102 p. ; 22 cm.

1. Danish drama--Translations into Yiddish.--lcsh
I. Zylbercweig, Zalmen, 1894-1972. II. Poland-Warsaw

ID : NXYH02-B746 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /14884

Reduction ratio X 10.0

הענרי נאַטאַנסען.



# הינטער מויערן

## פיעסע אין 4 אקטן

יידיש דורך זלמן זילבערצווייג.



וואַרשע
1922
פאַרלאַג'ס-געז. „צענטראַל".

DRUK. G. PIMENT WARSZAWA, SIERAKOWSKA 4

## הענרי נאטאנסען.

הענרי נאטאנסאן געהערט צו די בעסטע דרא-מאטורגען, וואס די דענישע ליטעראטור האט היינט. און ווייל נאטאנסאן איז א יוד און דערצו נאך צעלטענס א נאציאנאלער יוד, איז דער וועהטאג נאך גרעסער, ווען מען זעהט, אז ביי אונז יודען ווערט נאטאנסאן בעהאנדעלט אזוי אויבערפלעכליך, אזוי קאלט און אהן דרך-ארץ, וואס קומט דורכאויס דעם בעדייטענדען יודיש-דענישען דראמא-טורג.

ביי אונז יודען איז דער נאמען הענרי נאטאנסאן כמעט ווי אונבעקאנט, און וואלט ער ניט געשריבען זיין דראמא „הינטער מויערן", וואלטען אפילו די עטליכע גע-צעהלטע, יחידים, וואס ווייסען יא עפעס וועגען איהם — אויך וועניג וואס געוואוסט, ווער נאטאנסאן איז. צופעליג איז דאס דראמא איבערזעצט געווארען אויף יודיש, ווייל עס געהער צו די בעדייטענדסטע ביהנע-פעהיגע דראמען און אזוי ארום ווייסען עטליכע הונדערט יודען, אז עס איז פאראהן א „דענישער" דראמאטורג, וואס טראגט א יודישען נאמען, ניט וויסענדיג דערביי, אז נאטאנסאן געהערט צו דענעמארק׳ס אנגעזעהענסטע שריפטשטעלער, וואס בעהאנדעלט אין זיין שאפונג כמעט נור יודישע פראבלעמען.

כדי זיך צו בעקענען מיט נאטאנסאן, דעם י ו ד י ש ע ן שריפטשטעלער דארף מען נישט נור לעזען זיין „הינטער מויערן", נור זיין גרויסע סאציאלע דראמא „דאניעל הערץ" און זיין ווערק „פון הוגא דאווידס לעבען" („אף הוגא דא-ווידס ליוו") — א ראמאן אין פיר גרויסע בענדער, אין וועלכען עס ווערט ארומגענומען א גרויסער טייל פונ'ס יודישען לעבען אין דענעמארק, און, וואס דארף אויך זיין א שטיק ביאגראפיע פונ'ס מחבר גופא.

ביז נישט לאנג צוריק האט נאטאנסאן. נאך געהערט צו די יודען, וואס מען רופט ביי אונז „אסימילאנטען". איך גלויב קוים, צי מען קען דאס וועגען איהם זאגען. נאטא-נסאן איז געבוירען געווארען פון יודישע עלטערן צופעליג אין אזא קליינעם יודישען ישוב ווי דענעמארק, וואס איז ביז לעצטענס געווען ווייט צו וויסען, וואס עס איז אזעלכעס יודישע נאציאנאליטעט. אמת א „סינאגאגע" איז אויך דאן געווען, אבער דאס איז נור געווען פאר די ד ע נ ע ר פ ו ן י ו ד י ש ע ר ר ע ל י ג י ע. און אז מען ווערט געבוירען אין אזא סביבה, קאן מען אנדערש נישט דענקען און פיהלען, ווי עס דענקט און פיהלט בראנדעס און נאטאנסאן...

„דער אלטער לעווין", די הויפט=פיגור אין דער דראמא „הינטער מויערן" אזוי ווי זיינע קינדער הוגא, יאקוב און אסתר, בעווייזען, אז אין אזא סביבה אין וועלכער זיי זענען געבוירען און ערצויגען געווארען קאן מען אנדערש נישט זיין ווי זיי זענען. פאר זיי, די קינדער איז אויך פרעמד געווארען דאס רעליגיעזע געפיהל, וואס איז נאך פער-בליבען אין די הערצער פון זייערע עלטערן. זיי, די קינדער, האבען שוין לאנג געמאכט א קאמפראמיס מיט'ן לעבען. זיי זענען געווארען מ ע נ ש ע ן... אלץ וואס זיי איז נאך געבליבען פונ'ס יודענטום איז (און דאס אויך אויס א ריין מענשליכען דרך=ארץ צו טאטע=מאמע) — קומען פרייטאג צו נאכטס צו די עלטערן און אסתר, לעווינ'ס איינציגע טאכ-טער, האט שוין דאס געפיהל אויך פערלוירען. איהר איז ענג אין איהרע עלטערנ'ס הויז און איבערהויפט נאך פרייטאג צו נאכטס...



אט פון אזא מין יודישער סביבה האט נאטאנסאן גע-צויגען זיין יודיש=גייסטיגע יניקה. דעריבער איז אויך קיין וואונדער נישט, וואס נאטאנסאן בעהאנדעלט אזעלכע שווערע יודישע פראבלעמען מיט אזא לייכטזיניגען קאמפראמיס, וואס זענען אין געגענזאץ מיט אונזער היינטיגען לעבען. פאר נאטאנסאנ'ען זענען פרעמד די ברייטע יודיש=נאציאנאלע געפיהלען, וואס שפילען אזא גרויסע ראלע אין אונזער היינטיגען לעבען. זיינע העלדען זענען יודען, וואס געהן שבת אין דער „סינאגאגע" כדי דארט צו שמועסען וועגען די לעצטע געשעהעניסען אויף דער בירזע...

אויב ביי נאטאנסאנ'ען האבען זיך דערוועקט נא-ציאנאלע געפיהלען, איז עס נור לעצטענס, ווען ער האט אנגעהויבען קומען אין קאנטאקט מיט דער יודישער אינטע-ליגענץ פון מזרח=איראפא וואס האט פאר די לעצטע עט-ליכע יאהר זיך אויך אין דענעמארק איינגעבויט א קליינע נעסט. דורך זיי האט זיך אויך נאטאנסאן דערוואוסט, אז אין דער ברייטער וועלט, וואו עס לעבען גרויסע קאמ-פאקטע יודישע מאסען, איז פאראן א שטרעבונג פאר דער ווידעראויפלעבונג פון דער יודישער נאציאנאליטעט. און אזוי לאנגזאם און מיט אונזיכערע טריט האט נאטאנסאן זיך גענומען צוריהרען צום לעבען פון דער יודישער גאס. וואו-נישט=וואו און ווען — נישט — ווען האט מען אויף א יודי-שען אווענד אין קאפענהאגען, ארראנזשירט פון יודישע ארבייטער, געקאנט זעהן ווי נאטאנסאן האט מיט א שמייכ-לענדען בליק ארומשפאצירט. ווי א נאאיוו קינד האט ער גיטמיטיג געשמייכעלט און אנגעקוואלען פון דער אזוי נא-טירליכער און נישט געקינסטעלטער אויפפיהרונג פון דעם יודישען עולם... נישט אין קיין שמאקינג און אין ווייסע האנדשיה אויף די הענד איז נאטאנסאן געקומען צו א יודישען אווענד. איינפאך, און האן דער אויפגעשמירטער ארוסטאקרא-טישער העפליכקייט...

און אזוי לאנגזאם און לאנגזאם נעהמט נאטאנסאן איבער פון איין ארט לעבען אינ'ס צווייטען, שטעהענדיג אלץ אויפ'ן שיידעוועג... און אזוי ווי אין לעבען אזוי אויך אין זיין

שאפען ווערט דער „דענישער שריפטשטעלער" אלץ מעהר יודישער נאטאנסאן. און דערפאר וואלט מען זיך געמעגט אביסעל מיט מעהר אויפמערקזאמקייט צוהערען צו זיין שאפונג.

הענרי נאטאנסאן איז געבוירען געוואָרען דעם 17 יולי 1868. אין זיינע יונגע יאהרען האט ער שטודירט אויף אדוואקאט און זיך שפעטער א לייט לאנג דערמיט באשעפטיגט. ער איז אבער לאנג ביי דעם פאך נישט געבליבען, עס האט איהם צופיל געצויגען צו דער ליטעראטור, האט ער אין א שעהנעם טאג אוועקגעוואָרפען די טרוקענע יורי און האט זיך גענומען צו דער פאעזיע.

צוליב די גרויסע דראמאטישע קענטעניסען, וואס נאטאנסאן באזיצט, איז ער א לייט לאנג געווען דער רעזשיסער פונ'ם קעניגליכען טעאטער אין קאפענהאגען און ביי דער געלעגענהייט האט ער אויך אויפגעפיהרט אינ'ס זעלבען טעאטער זיינע דראמאטישע ארבייטען, וואס האבען געהאט גרויס ערפאלג. א גאר גרויסען רושם האבען געהאט זיינע צוויי דראמען „דאניעל הערץ" און „הינטער מויערן", וואס האבען איהם אויך פאפולער געמאכט אין גאנץ אייראפא.

בסך הכל האט נאטאנסאן געשאפען א נ'ערך פון צעהן ווערק. אין דראמאטישער פארם זיינען באקאנט „די מאמע איז גערעכט" (קאמעדיע), „דער גוטער בירגער" (שוישפיעל אין דריי אקטען), „דאנאס גארטען" (אידיליע אין דריי אקטען), „דאניעל הערץ" און „הינטער מויערן". פון זיינע ערצעהלונגען זיינען באקאנט „זומער-נאכט", „די פערבאטענע פרוכט" (דריי ערצעהלונגען) און זיין לעצטענס ערשינענער ראמאן (אין 4 בענדער) „פון הוגא דאווידס לעבען".

עס וואלט געווען רעכט, אז זיינע ווערק זאלען איבערזעצט ווערען אין דער יודישער שפראך. דאס וואלט זיכער געווען א גרויס פערדינסט פאר דער יודישער ליטעראטור און די שענסטע מתנה דעם מחבר, וואס וואלט אזוי ארוס געוואָרען אויך דער יודישער און נישט נור דענישער שריפטשטעלער הענרי נאטאנסאן.

ש. פאן.



---

אויפגעפיהרט צום ערשטען מאל:
אין לאדז, „גרויסעם טעאטער",
8 סעפטעמבער 1916.

## פּערזאָנען:

אדאָלף לעווין — באַנקיר
רחל *) לעווין — זײַן פֿרוי
הונאַ )
אָסתר ] — זײַנע קינדער
יאַקוב )
דינה — זײַן פֿרוי
שרה — זײַער טאָכטער
מײַער — אדאָלף לעווינ'ס פֿערוואַלטער
מאַריע — לעווינ'ס דינסטמיידעל.
געהײַם=ראַט הערמינג
געהײַם=ראַטין הערמינג
יערמען הערמינג — א פּריוואַט דאָצענט
לאַקיי )
] — בײַ די הערמינג'ס
אַ דינסט )

## ערשטער אַקט.

אדאָלף לעווינ'ס שפּײַז און גאַסט=צימער. אין מיטען אַ עס=טיש און שטולען. רעכטס אַ קרעדענס, אויף איהם אַ וואַזער. אינ'ם רעכטען ווינקעל אַ סאָפֿע, אַ טישעל און אַ וויג=שטול, ווײַטער אַ ביכער=שענקעל. אין הינטערגרונד, לינקס, אַ ברייט פֿענסטער אין גאַס אַרויס, דערנעבען אַרויפֿצו אַ טײַ=טיש און אַ בענקעל. רעכטס אַנ'אויווען. אַ טיר אין הינטערגרונד און אין קוך, רעכטס צוויי טירען, איינע — די פֿאָדערשטע צום שלאָף צימער, די הינטערשטע צום קאַבינעט. די דעקאָראַציע פֿון צימער איז אָהן געשמאַק און אָהן סטיל, נאָר אַלץ בעל=הבית'יש.

אַ פֿרײַטאָג'דיגער ווינטער=אָווענד.

אויפֿ'ן טיש בײַ דער סאָפֿע ברענט אַ גאַז=לעמפּעל. די עלעקטרי=בעלײַכטונג ברענט ניט.

די שטאָרען זענען ניט אַראָבגעלאָזט אַזוי, אַז אינ'ם צימער כאָטש זיך אַרײַן דאָס ליכט פֿון געגענאיבערדיגען הויז.

מ'זעהט דעם שנײַ פֿאַלען.

בײַם אויפֿהייבען דעם פֿאָרהאַנג איז די בינע ליידיג. דורך דער אָפֿענער טיר אין קאָרידאָר הערט זיך אַ געדרײַ אין קוך, באַלד דערנאָך קומען ניך אַרײַן רחל און מאַריע, וועלכע האַלט אין הענד אַ גרויסע מאַך מיט געפֿעס א. ז. וו.

רחל געהט צו צום קרעדענס און נעמט אַרויס אַ טישטוך.

---

## 1=טער אויפטריט.

רחל. מאריע.

**רחל:** אַמאַלט זיך אַ בוסעל צו, טמערע מאריע, שטעלט דאָס אוועק און רוימט צו פונ'ם טיש. (קוקט אויפ'ן ווייגער) נאָטשניו, שוין אַזוי שפעט... וואָס האב איך נאר וואָס געזאָגט?

**מאריע:** איהר האָט בעשטעלט קלוסקעלעך.

**רחל:** יאָ, נו...

**מאריע:** ס'געהט ניט אַזוי שנעל.

**רחל:** יאָ, מאריע, קען זאַך געהט ניט אַזוי שנעל, נאָר איהר דאַרפט וויסען, אַז ווען דער הערר קומט צוריק פונ'ם סינאַגאָגע דאַרף אַלץ זיין אויפ'ן טיש. נאָך אַמאָל ווען מען דאַרף אָנהייבען פריהער צו צוגרייטען. מיר זענען דאָך זיבען אַ חוץ שרה'לען.
(אויסשטעלענדיג די טעלער פון לינקס אויף רעכטס) מייער, מיין זוהן — דער סוהר, זיין פרוי, — דער פאפא, שרה'לע, — איך — מיין זוהן דער דאָקטאר — און אסתר — דאָ. (ס'הערט זיך ווי אין קיך איז עפעס אַ מאכל געלאָפען) מאריע, געדענקט אין נאָט, ניט אַקוק אויף דער זופ... (מ'קלינגט אין דער איינגאַנג-טור) ס'קלינגט.

**מאריע:** (אונבעהאָלפען, מיט שיסלען איןביידע הענד) כ'קאָן ניט...

**רחל:** (נעמט פון איהר צו ביידע שיסלען) וואָס קאָנט איהר ניט?

**מאריע:** (געהט שנעל אַב)

(ס'הערט זיך הוגא'ס שטימע און מייער'ס „גוט אָוונד")

**רחל:** (לאָזט אראָב די שטארענס)



## 2=טער אויפטריט.

רחל. הוגא (נאָך איהם) מייער, שפעטער מאריע.

**הוגא:** אַ גוט אָוועגד, מאמא... (קושט איהר די האַנד) דאָ שמעקט מיט אַלטקייט, געראויכערט פלייש...

**מייער:** (בעגריסט זיך מיט דרך-ארץ) גוט שבת!

**הוגא:** ווי געהטס? אַלע געזונד?

**רחל:** יאָ, אַ דאַנק.

**הוגא:** און דער פאפא?

**רחל:** געזונה, אַדאַנקען גאָט.

**הוגא:** (זעצט זיך)

**רחל:** (דעקט ווייטער צום טיש)

**הוגא:** מאמא, כיר זענען הונגעריג ווי די וועלף, איבערהויפט מייער.

**רחל:** דאָס פרעהט מיך.

**מייער:** הוגא לאָזט אַלץ נאָך ניט אָב די נאַרישקייטען... כ'האָב איהם געזאָגט, אַז אינ'ם קאַנטאָר איז היינט געווען אַזויפיל אַרבייט, אַז מ'האָט אפילו ניט געהאַט קיין צייט אַ היים-צוגעהן.

**הוגא:** מייער, היט אָב אייער געזונד!

**מייער:** נישקשה, מיין געזונד קאָן וואַרטען, די געשעפטען אָבער קאָנען ניט וואַרטען.

**רחל:** (צו דער אַריינקומענדער **דינסט**) וואָס איז דאָרט געווען?

**מאריע:** גאָרניט.

**רחל:** אַ דאַנקען גאָט.

**הוגא:** (לאַכט) דאָ איז אויבגעצייכענט. אַז כ'זיץ אין אַלטען פאָטער'שטול און פערמאַך די אויגען, דאַכט זיך מיר, אַז דאָ איז זעהר שעהן.

**רחל:** יאָ, זעהר שעהן.

**הוגא:** בין כ'עסען זיי צוריק אויף און דערזעה מייער'ן.

רחל: (װאַרפֿענדיג אַ װאונק אויף דער דינסט, מיסטעריעזיש)
שטילער, הונא... (מ׳קלינגט) מאריע, עפֿענט... (מאריע
אָב) מײַער, כ׳שעם זיך פֿאַר מײַן גרויס יונגעל.

מײַער: איהר דאַרפֿט זיך ניט שעמען, מאַדאַם לעװין, קינדער
זענען שטענדיג אַ ביסעל ניט דערצויגען.

(ס׳הערט זיך יאקוב׳ס הויכע שטימע און דער קלײנער שרה׳ס
פּלוידערן. אַ געקלאַפּער מיט פֿיס און אויסרופֿען פֿון צופֿרידענהייט.
רחל גיבט שנעל צו צו דער טיר מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס.
שרה קומט איהר אַקעגען אין ראָק און הוט.)

רחל: (נעמט זי אויסטאָן)

---

## 3-טער אויפטריט.

### די פֿריהערדיגע, יאקוב, דינה, שרה׳לע.

רחל: אַ גוטען אָװענד, אַ גוטען אָװענד, מײַן האַרץ! (אין די
קוליסען אַריין) אַ גוטען אָװענד, דינה, אַ גוטען אָװענד, יאקוב.
זעה נאָר װאָס פֿאַרע אָבגעפֿרױרענע נאָז און רױטע הענטלעך
שרה׳לע האָט — (הויכט אויף זיי) אוי — אוי — װאָס מאַכסטו,
דינה?

דינה: (פֿון הינטער די קוליסען) אַ דאַנקען גאָט.

רחל: קומט אַרײַן, קינדער, הונא און מײַער זאָגען דאָ.

הונא / מײַער: גוטען אָװענד!

רחל: קום אַהער, שרה׳לע, מיר׳ן אַנואַרעמען דײַנע געפֿרױרענע
פֿינגער בײַם אױװען.

יאקוב: (קומט אַרײַן, גיט אויפֿהערענדיג צו רייבען)

דינה: (קומט באַלד נאָך איהם, געהט צו צו רחל׳ן און
שרה׳לען)

מאריע: (דעקט צום טיש)



יאקוב: אַ גוטען אָװענד, מאַמאַ, אַ גוטען אָװענד! (קושט זי)
אַ גוטען שבת. אַ גוטען אָװענד, מײַער, אַ גוטען אָװענד, הונא.
װאָס זאָגט איהר צו דער קעלט? עלף גראַד. מאַמאַ, פֿאַרקיל
ניט דאָס קינד בײַם אױװען. אַז די פֿאַהרסט און אַמניבוס
מעגסטו אפֿילו זיצען אין אַ פּעלץ װערסטו אויך געפֿרױרען.
דינה, גיב נאָר אַ קוק, דאָס קינד האָט ניט קײן נאַסע פֿיסלעך?
מ׳רױמט ניט אָב דעם שנײ, צוגעהט ער זיך, װען ער װיל,
און אויף װאָס געהט דער שטײער װאָס מ׳נעמט בײַ אונז? אויף
האַרמאַטען. יאָ, דאָ איז זעהר װאַרעם. אַזױ אַלץ אין אָרדנונג?
דער פּאַפּא איז געזונד? און אײער מוטער, מײַער? אַזױ,
אַ דאַנקען גאָט. אַ, װי ס׳שמעקט דאָ. דינה, מיט װאָס שמעקט
דאָ?

דינה: (פּרובט שמעקען)

יאקוב: זאָל שרה׳לע זאָגען. שרה׳לע, מיט װאָס שמעקט דאָ?
שרה׳קעלע, זאָג דעם טאַטע׳ן, מיט װאָס שמעקט דאָ?

שרה: (פּרובט שמעקען)

יאקוב: נו? אַז די װעסט מיר זאָגען מיט װאָס ס׳שמעקט דאָ,
קריגסטו אַ גלאַנצענדיגע צען ערע און דײַן קאַסא אַרײַן. נו,
שרה׳לע?

שרה: (נאָך אַ פּױזע) מיט קאָטלעטען.

יאקוב: יאָ, מאַמאַ? הערסט דינה, דאָס קינד האָט געטראָפֿען-
זיך מיט קאָטלעטען. דאָס קינד האָט אַ גוטע נאָז.

הונא: דאָס האָט זי געקריגען בירושה.

יאקוב: (הערט ניט, זעצט זיך געמיטליך) — א... ס׳איז ניט זיך
אַביסעל אָבצורוהען. מיר האָבען הײַנט אַ מאַסע אַרבײַט. (צו
מײַערן) װי איז בײַ אײַך? (ניט װאַרטענדיג אויף קײן
ענטפֿער) אַ דאַנקען גאָט. כ׳האָף, אַז אונזער אומזאַץ װעט זיך
דאָפּעלט פֿערגרעסערן, מײַער, איהר האָט ניט געהערט פֿון
דער פֿירמע פּ. א. שו, און קאָמפּ. זי האַנדעלט מיט אַמעריקאַ-
ניש אָקסען-פֿעטס, נײַן? װאָס, שװאַך? מײַער, כ׳דאַרף
מאָרגען האָבען אַ שכן ביסעל שטערלינגס, 18, 20, װאָס?
פֿעטערסען׳ס װעקסעל לױפֿט אַװעק, זאָל ער ליגען שטילערע
טעג. (דרייט זיך צופֿעליג אום צו הונא׳ן) װאָס האָסטו
געזאָגט?

הונא: כ'האָב גאָרנישט געזאָגט. אַז דו ביזט דאָ קאָן מען גאָרנישט זאָגען.

יאקוב: איך? פאַרוואָס?

הונא: יאקוב, שווייגען איז גאָלד.

יאקוב: דאָס איז געווים איבער־געטריבען.

הונא: ניין, דאָס איז דער אמת.

רחל: הונא...

יאקוב: אפשר זאָל איך אַוועקגעהן?

הונא: אויב דו געפינסט עס ניט פאַר קיין סוד, כאָ בלייב.

יאקוב: (נעמט ביין אַ צייטונג פון טיש)

הונא: אַ...

יאקוב: וואָס זאָגסטו?

הונא: כ'זאָג: אַ... דאָס איז דאס קורצסטע וואָרט וואָס מ'קאָן זאָגען און אפילו דאָס ערלויבסטו מיר אויך ניט.

יאקוב: (עפענט די צייטונג און פערטיפט זיך אין לייענען)

רחל: (נעמט אַראָב פון שרה'לען דעם פאלטא) אַזוי. וואָס פאַר'ע גוטע, וואס פאַר'ע וואוילע דו ביזט. נייע שיכלעך און שעהנע בענדער אין די האָר. (שרה'לע הייבט אויף דאָס קלייד.) און אפריזקע אויף דער ווייסע האַלקע, מ'דערקענט. אַז דו ווערסט נעכטיגען ביי דער באָבעשי. ווייז דעם פאָטער דונא דיין שעגע האַלקע.

הונא: (פרעהט זיך)

רחל: מייער'ן אויך, זאָל מייער אויך זעהן דיין האַלקע.

יאקוב: (ניט קאָנענדיג ווייטער שווייגען, קנייטשט צוזאַמען די צייטונג) כאמא, מייער איז נאָך צו יונג צו זעהן פרויען־האַלקעס.

מייער: זעהר שאַרפזיניג געזאָגט...

יאקוב: (זעהר צופרידען פון זיין וויץ) קום, אַהער שרה'לע, קום אַהער צו דיין טאַטעשי. דינה, לאָז אָב דאָס קינד... גרויסער גאָט, ביינ דיך ניט, און זיבעטען חודש מאַכט מען ניט קיין פאָקוסען.

(דאָס קינד געהט צו. יאקוב הייבט עס הויך אויף)



יאקוב: שרה'לע, איצט זאָג אָהן שפּאַס, וויפיל איז דריי און זיבען?

דינה: גאָט מיינער, יאקוב.

יאקוב: לאָז אָב דאָס קינד... נו?

שרה: צען...

יאקוב: שטימט. איצט הער אוים: אַז כ'וועל דיר געבען אין איין האַנד צען ערע און אין דער אַנדערער האַנד פיער מטבעות צו 25 ערע וויפיל וועסטו האָבען?

שרה: (קוקט אויף איהרע הענד) דו גיסט דאָך מיר אָבער גאָרניט.

יאקוב: (ענטציקט) אויסגעצייכענט... דינה, דו הערסט? איהר האָט געהערט, „דו גיסט דאָך מיר אָבער גאָרניט". יאָ, דו ביזט געריבען, טייער קינד. (נעמט זי אין דער הוך) האָפּ... וואָס זאָגט איהר, מייער, ספירט איז געשטיגען אויף זעקס פראָצענט? איהר האַלט דאָס פאַר אַ פעסטע פאַפיר־על?

מייער: זעהר פעסט.

יאקוב: צו 117?

מייער: (ציהט מיט די פלייצעס)

יאקוב: איהר וועט מאָרגען זיין אויף דער בירזע?

מייער: יאָ, ביז צוויי אַ זייגער. (שטעהט אויף)

יאקוב: מאמא, ווען דאַווענט מען אָב אין סינאַגאָגע?

רחל: (הייבט אויף דעם שאַרן און קוקט ארוים אין פענסטער) דער פאַפּאַ דאַרף באַלד קומען. ס'איז גליטשיק און כ'שרעק זיך גאָר פאַר איהם... איינער פון אייך האָט איהם געמעגט פריינטאָג צונאַכטס בעגלייטען.

הונא: כ'געה דאָך קיינמאָל ניט אין סינאַגאָגע, מאַמאַ.

רחל: דו האָסט עס געטענט צוליב טון דעם פאָטער.

יאקוב: איך מיין אויך אזוי.

הונא: פאַרוואָס געהסטו ניט מיט'ן פאָטער?

יאקוב: ווייל כ'האָב קיין צייט ניט.

הונא: וואָלסט נאָר געוואָלט, וואָלסטו שוין געפונען צייט אויך.

יאקוב: וואָס הייסט וועלען? כ'האָב געדאַרפט בעזאָרגען 22 בריף, אין די פּאָסט וואַרט ניט. וואָס, מייער, בין איך ניט גערעכט?

מייער: יאָ — אָ.

הונא: מײַער, די וועסט דערפֿאַר געשטראָפֿט ווערן בײַם יום־הדין.

מײַער: סיאיז דען ניט אַלין איינס ווען סידאַוועט, פֿרײַטאג צו נאַכטס אָדער שבת אין דער פֿ־יה? כ׳בין זיכער, אַז גאָט וועט מיר מוחל זײַן אויב כ׳וועל עס אָפּלײַגנען אויף שבת פֿרויה.

יאקוב: און אסתר?

דינה: יאָ, וואו איז אסתר?

רחל: אסתר קימט באַלד.

הונא: (אונטערהערענדיג זיך) טסס...

(ס׳הערט זיך ווי די טיר עפֿענט זיך, רחל גײט שנעל ארויס)

רחל: אָט איז דער פֿאָטער...

(אַלע גײען צו צו דער טיר, ס׳הערט זיך ווי לעווין מיט דער פֿרוי ריידען, יאקוב זאָגט: „גוט אָוונד, פּאפּא”: די קלײנע שרה לויפֿט צו צו דער טיר)

שרה: זײדעשי...

דינה: (ווייל זי אוועק שלעפּען) שׂ־ה...

אקוב: לאָז אָב דאס קינד...

## 4־טער אויפֿטריט.

### די פֿ־יהערדיגע, אדאָלף לעווין.

(די קלײנע שרה לויפֿט ארויס אין קאָרידאָר. אדאָלף לעווין קומט אַרײַן האַלטענדיג בײַ דער האַנד שרה׳ן. רחל בעפֿעלט עפּעס די דינסט. לעווין שטעהט אַווײַלע אין מיר אײַנעטעמענדיג די וואַרימקייט)

לעווין: אַ גוטען שבת!... (גײט צו, קושט דינה׳ן און די קינדער) אַ גוטען אָוונד, דינה, אַ גוטען אָוונד, הונא, אַ גוטען אָוונד!

שרה: (גיט איהם אַ שלעפּ) און מיך, זײדעשי.

לעווין: (הייבט זי אויף און קושט זי) אַ גוטען אָוונד, מײַן קליין,



טײַער, שׂרה׳לע... (לאָזט זי אראָב, רײַבט די הענד, דערזעהענדיג דעם געגרייטען טיש) יאָ... *)

(רחל קומט אַרײַן מיט זופּ, נאָך איהר די דינסט מיט טעלער)

רחל: זײַ אַזוי גוט.

לעווין: ביטע... (אַלע זעצען זיך אוים פֿון לינקס אויף רעכטס, מײַער, יאקוב, דינה, לעווין, שׂרה׳לע, הונא, רחל צוגיסט די זופּ. אסתר׳ס אָרט בלײַבט לײדיג).

רחל: (איבערגעבענדיג דער דינסט טעלער) דעם פֿאָטער, די כלה, מײַער׳ן, מײַן זוהן דעם דאָקטאר, מײַן זוהן דעם סוחר, עסט אַזוי לאַנג ווי ס׳איז נאָך הייס.

(פּויזע, ס׳הערען זיך צופֿרידענע אויסרופֿען)

לעווין: גוטע זופּ.

רחל: אַ דאַנקען גאָט.

יאקוב: זעהר גוטע.

רחל: ווילסט נאָך קליסקעלעך, אַדאָלף?

לעווין: (דערלאַנגענדיג זײַן טעלער) גיב מיר אויך, רחל.

רחל: (גיט איהם)

שׂרה: און מיר, באָבעשי.

דינה: שׂ־ה...

יאקוב: לאָז אָב דאס קינד...

לעווין: יאַקוב, דו ביזט ניט געוועזען אין סינאַגאָגע?

יאקוב: כ׳האָב נעדאַרפֿט ערלעדיגען וויכטיגע בריף.

לעווין: דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש. מײַער, איהר האָט געענדיגט מיט די רעכנונגען?

---

(* אין אָריגינאַל איז דאָס נישטאָ. נאָר כ׳האָב עס געזעהען בעת דער אויפֿפֿיהרונג אויף דער דײַטשער בּיהנע:

לעווין מאַכט קדוש, אַלע שטעהען, דערנאָך דערלאַנגט די דינסט אַרײַן אַ שיסעל מיט וואַסער און אַ שעפּ, לעווין וואַשט זיך און מײַלט יעדען ארום אַ המוציא, ערשט ווען ער זעצט זיך, זעצען זיך אַלע;

דער איבערזעצער)

מ י ע ר: יאָ.

ר ח ל: נאָך אַ ביסעל זופּ, מייער?

מ י ע ר: ניין. איך דאַנק.

ר ח ל: נעמט, מייער, איהר האָט דאָך ניט גענעסען

ל ע ו ו י ן: איהר האָט ניט געכּיטאַגט, מייער?

מ י ע ר: (שמייכעלט אונטערטעניג).

ל ע ו ו י ן: איהר האָט געהערט די מעשׂה וועגען דעם זוהן, ווען דער פאָטער האָט צוגעזאָגט אַ געשענק פאַר פלייסיגקייט? איינמאָל גראָד אין אַזאַ ווינטער אָווענד, ווי היינט, האָבען זיך דער פאָטער און דער זוהן געלעגט שלאָפען. פרעגט דער זוהן: „טאַטע, ווען וועל איך בעקומען דאָס געשענק, וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט?" „ס'איז דיר וואַרם אין בעט?" — פרעגט דער פאָטער. „יא" — ענטפערט דער זוהן. „נעם אַרויס די פיס פון אונטער דער דעק" — זאָגט דער פאָטער. דער זוהן פאָלגט איהם, און זאָגט: „טאַטע, ס'איז מיר קאַלט". „לעג זיי אַרונטער הינטער דער דעק" — זאָגט דער פאָטער. דער זוהן טוט אַזוי. „אָט דאָס איז דאָס געשאַנק" — זאָגט דער פאָטער. — מייער, עסט נאָך אַ טעלערל זופּ, אויב ס'הונגערט אייך

מ י ע ר: (דערלאַנגט דער פרוי לעווין דאָס טעלערל) כּ'דאַנק בעסטענס.

ל ע ו ו י ן: אין אָט האָט איהר אייער געשענק. (אַלע לאַכען. לעווין הייבט אויף אַ גלאָז רויט ווייַן) לחיים. (אַלע ענטפערן „לחיים")

ר ח ל: אַדאָלף, נאָך זופּ?

ל ע ו ו י ן: ניין, כּ'דאַנק.

ר ח ל: און דו, דינה?

ד י נ ה: ניט אַ ביסעל.

ר ח ל: יאַקוב?

י א ק ו ב: יאָ.

ש ר ה: און מיר, באַבעשי.

ד י נ ה: האָסט דאָך אַ פול טעלערל.

י א ק ו ב: נאָר ווער ניט נאָט, לאָז דאָס קינד עסען

ר ח ל: הונא?



ה ו נ א: ניין, כּ'דאַנק, ס'דערוואַרעמט אַ ביסעל.

ל ע ו ו י ן: אין היינט איז אַ שרעקליכע קעלט. דער אַלטער בעני האָט מיר געזאָגט, אַז אין פּעטערבורג הערשט אַ גרויסער פראָסט.

י א ק ו ב: יא, דאָס דערקענט מען לויט די פּרייזען פון פעטס.

מ א ר י ע: (קומט אַריין מיט צוויי שיסלען געזאַלצענע ברוסט, פרוכטען, א. ז. וו. שטעלט עס אויפ'ן הערדענס)

ר ח ל: ווער וויל נאָך? (אַלע דאַנקען) רוימט צו, מאַריע, און גיט אַהער דאָס פלייש אין אַ ביסעל גרינס.

(מ א ר י ע שטעלט די שיסלען אויפ'ן טיש, נעמט צו די טעלער און טראָגט זיי אַוועק)

ר ח ל: זייַ אַזוי גוט, דינה, פערזוך אַ שטיקעל צונג — אייגענע אַרבייט, יאַקוב. פערזוך דאָס פעטע שטיקעל ברוסט. זייַ אַזוי גוט, גיב מייערן אויך אַ שטיקעל. הונא, עס. שרה'לען ניט אויך אַ שטיקעלע פלייש און אַ ביסעלע גרינס

ש ר ה: כ'וויל אַ סך, באַבעשי.

ד י נ ה: שׂרה...

י א ק ו ב: לאָז אָב דאָס קינד...

ל ע ו ו י ן: (וויל אויפהייבען אַ גלאָז, נאָר זיין בליק פאַלט פלוצלונג אויף א ס ת ר'ס לעדיגען שטול. קוקט אויף דער פרוי און רעדט מיט אַ פרעגענדע ושעסטיקולירונג) נו—

ר ח ל: וואָס?

ל ע ו ו י ן: וואו איז אסתּר?

ר ח ל: אסתּר דאַרף באַלד קומען

ל ע ו ו י ן: אבער וואו איז זי?

ר ח ל: אסתּר איז אויף דער לעקציע.

ל ע ו ו י ן: (שטעלט זיין גלאָז אויפ'ן טיש, די אויבריגע הייבען אויף די קעפּ) אויף דער לעקציע?

ר ח ל: יא.

ל ע ו ו י ן: פאַרוואָס ווייס איך דערפון גאָרניט? וואָס איז דאָס אַזוינס פאַר'ע לעקציע?

ר ח ל: זי האָט געזאָגט — קולטור געשיכטע.

**יאקוב:** פּרייטאג צונאכטס — קיל-גר-געשיכטע איז זעהר אַ נייטיגע זאך!

**לעווין:** וואָס פאַרע קילטור?

**רחל:** וואָס ווייס איך?

**לעווין:** אסתר נעמט לעקציעס און איך ווייס גאָרניט דערפון. און מיין צייט האָבען יונגע כיידלעך אַזוי ניט געטון. יאָ... יאָ...

**הונא:** פּאפּא, היינט בעדיכען אַלע יונגע מיידלעך לעקציעס.

**לעווין:** ערב שבת? דו האָסט דאָך זיך אויך געלערנט, ניט אמת? אָבער פרייטאג צונאכטס פלעגסטו אוך געהן?

**הונא:** (ציהט מיט די אַקסלען) אסתר איז יונגער.

**רחל:** אַ צוואַנציג יאָהריג קינד!

**לעווין:** איז דען הונא דאַמאָלט עלטער געווען?

**יאקוב:** און איך? איך האָב איין יום-טוב ניט דורכגעלאָזט. און דו, דינה, אַז דו ביזט אַלט געווען צוואַנציג יאָהר ביזטו געגאַנגען אויף לעקציעס?

**דינה:** צו צוואַנציג יאָהר האָב איך שוין געהאַט שׂ־הילען.

**יאקוב:** דייסט עס, אַז דו האָסט ניט בעדוכט קיין לעקציעס?

**דינה:** יעדער טוט לויט זיינע געפיהלען.

**רחל:** אמת, דינה.

**לעווין:** אסתר פיהלט גאָרניט, דער־פאַר געהט זי אויף לעקציעס. (פּויזע.)

(מאַריע קומט אריין מיט דעסערט.)

**רחל:** אדאָלף, אַ שטיקעל ברוסט?

**לעווין:** ניין, אַ דאַנק.

**רחל:** אַרבסען?

**לעווין:** (ריינגט אַ וועק גאָפעל=מעסער) ניין.

**רחל:** ווער וויל יאָ? (ס'הערט זיך „ניין, „אַ דאַנק") מייער!

**מייער:** ניין, בעסטען דאַנק.

**רחל:** מאַריע, דערלאַנג דעם קוכען.

**מאַריע:** (דערלאַנגט און נעמט צו די טעלערלעך)



**רחל:** (צעשנייט דעם קוכען)

**מאַריע:** דאָס פריילין געהט.

## 5=טער אויפטריט.

### די פריהערדיגע, אסתר.

**אסתר:** (קומט שנעל אריין אין פּאַלטא און הוט, פערוויטעלט זיך אַ ביסעל, עטוואָס אויפגערעגט און אויפגעלעבט) גוטען אָוועגד... (קושט די מוטער) גוטען אָוועגד! (געהט צו צום פאָטער, ער בייגט אָב דעם קאפּ אַזוי, אַז איהר קוש קומט אויס אויפ'ן שטערן) גוטען אָוועגד, פּאַפּא! (גריסט צו אַלע איבריגע, טוט זיך אויס)

**מייער:** (הייבט זיך עלעגאַנט אויף, כדי איהר צו העלפען)

**אסתר:** זיצט, מייער, כ'וועל מיר אַליין אַ עצה געבען. (מייער העלפט איהר, זי גיט איהם די זאַכען, ער טראָגט זיי אונגעשיקט אָב, זעהר צופרידען) מייער, איהר פערליערט די מופטע. (לויפט לאַכענדיג איהם נאָך, זייערע בליקען בעגעגנען זיך, מייער לאַכט פערשעמט און צופרידען, זי גלייכט זיך שנעל אויס און געהט אונצופרידען אָב אין ווינקעל, מייער געהט אָב מיט די זאַכען)

**רחל:** ווילסט ניט עסען?

**אסתר:** (האַלט אין האַנד אַ בוך) ניין, כ'דאַנק.

**לעווין:** פאַרוואָס עסטו ניט?

**אסתר:** כ'קאָן ניט.

**לעווין:** ווען דו וואָלסט אפילו ניט געקאָנט, דאַרפסטו זיך אויך ענטשולדיגען, וואָס דו האָסט פערש=עטינט צום אָוועגד-ברויט. וואו ביזטו געווען?

**אסתר:** כ'בין אַוועקגעגאַנגען.

**לעווין:** וואָס איז דאָס פאַרע ענטפער?

**אסתר:** כ'בין געווען אויף אַ לעקציע.

**לעווין:** וואו?

**אסתר:** אין אוניווערזיטעט.

**לעווין:** וואָס פאַרע לעקציע?

**אסתר:** (מיט אַ געצוואונגענעם געלעכטער) ס׳לוינט ניט וועגן דעם צו רעדען.

**הונא:** אסתר...

**לעווין:** איך פרעג וואָס פאַריע לעקציע?

**רחל:** אַראָלף...

**אסתר:** (קורץ) וועגען קולטור...

**לעווין:** (בעקוקט אַלע) איז קולטור ניט קיין ערציהונג? וואָס, מיין טאָכטער נעמט לעקציעס איבער ערציהונג? אפשר קאָן מען וויסען ווי סיהייסט דיין פּראָפעסאָר וואָס גיט דיר די ערציהונג?

**אסתר:** ס׳איז ניט קיין פּראָפעסאָר.

**רחל:** אסתר...

**לעווין:** איך פרעג, ווי הייסט ער?

**אסתר:** (נאָך אַ לאַנגע פּויזע) פּריוואַט דאָצענט הערמינג.

(אַ מאָמענט הערשט אַ שטילשווייגען)

**לעווין:** (קוקט אויף דער פרוי און אסתר׳ן, דערנאָך ווענדט ער זיך צו הונא׳ן) הערמינג! דו קענסט דעם פּריוואַט-דאָצענט הערמינג?

**הונא:** נאָר פון הערען.

**לעווין:** און אַזוי ווייסטו וועגען גאָרניט וועגען איהם? וועמענ׳ס זוהן ער איז?

**הונא:** ניין.

**לעווין:** מייער, ניט אמת, איהר קען׳ט יאָ אַ הערמינג? איך קען עטליכע; אַ אַלטען הערמינג אין גאָרסענג, מיין פאָטער׳ס אַ גוטער פריינד, יאָ, אַ שעגעם דאַנק. זיין זוהן איז אַ געהיים-ראַט, אַ באַנק-דירעקטאָר, אַ סאָלידע פירמע. מיר זענען שול-קאָלעגען. ער פלעגט אַריינקומען צו אונז אין שטוב. מיר זענען געווען אויף „דו". נאָר נאָכדעם ווי כ׳בין אַ הערינגע-קומען נאָכ׳ן פאָטער׳ס באַנקראָט, און האָב זיך צו איהם געווענדעט וועגען אַ פּאָסטען, ווייסט איהר וואָס ער האָט מיר געענטפער׳ט — „מיר דאַרפען ניט קיין יודען". ניט אמת, מייער? אַ אָרנטליכער מענש, אַ וואויל מענשעל, איסוואורף!!! (אַ קורצע פּויזע. ליינגט צוזאַמען די סאַלפעטקע, אַלע דאַנקען, שטעהט אויף) אַ דאַנק.



(אַלע שטעהען אויף.)

**מאריע:** (קומט אַריין)

(דינה און רחל העלפען איהר אַראָבנעמען פון טיש און געהען אַרויס; יאקוב נעמט פאַר׳ן האַנד די קליינע שרה און געהט מיט איהר צו צום אַלטען לעווין, כדי ער זאָל זיך מיט איהר שפּילען

הונא און מייער זעצען זיך אויפ׳ן סאָפע).

**יאקוב:** (צו שרה׳ן) וואָס זאָגסטו דעם זיידעשי?

**שרה:** אַ דאַנק פאַר׳ן עסען, זיידעשי.

**לעווין:** (הייבט זי אויף, קושט זי) ס׳איז ניטאָ פאַר וואָס, טייער קינד. דו געכטיגסט היינט ביי דער באָבעשי?

**יאקוב:** נו, וואָס ענטפער׳סטו?

**שרה:** טאַטעשי, גיב מיר די צען ערע וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט.

**יאקוב:** דו הערסט, דינה, אַ וואונדערבאַר קינד. (צום פאָטער וואָס האָט גענומען דאָס קינד אויף די קניהען) האָסט געהער׳ט, אַז ספּירט האָט זיך געהויבען אויף צען פּראָצענט?

**לעווין:** יאָ, אין סינאַגאָגע האָב איך דערפון געהערט.

**יאקוב:** וואָס זאָגסטו צו דעם? מייער, ווען מיר וואָלטען דעמאָלט ניט פערקויפט? איהר האָט דאָך עפּעס אַ הויש הריוח!

**לעווין:** קיינער האָט ניט אַזא גיטען הויש הריוח אויף דער בירזע — ווי דו!

**מייער:** (פערנייגט זיך, חניפה׳דיג) אויסער אייך, הערר לעווין.

**יאקוב:** וואָס הער׳ט זיך נאָך נייעס?

**לעווין:** דער אַלטער מעקלער וואָלף איז געשטאָרבען. יאָ, יאָ, מיר ווערען אַלע אַלט.

**הונא:** אָ, ווען אַלע זאָלען זיין אַזוי געזונד ווי דו.

**יאקוב:** גיב אַ קלאַפּ אין טיש. (ער און שרה׳לע קלאַפּען אין טיש) דינה, גיב אַ קלאַפּ אין טיש...

**דינה:** (וואָס האָט זיך געהאַט געווענדט אַרויסצוגעהן, קערט זיך אום, גיט אַ קלאַפּ און געהט אַוועק)

**לעווין:** (הייבט אויף שרה׳לען. קושט זי און שטעלט זי אַוועק אויף דער ערד. זי זעצט זיך אויף אַ שטול און שלאָפט איין,

(לעווין נעמט א בוך פון אסתר׳ס טיש, קוקט אויף אסתר׳ן, די איבריגע קוקען אויף איהם)

**אסתר:** (זיצט אליין, פערטיפט אין איהרע געדאנקען)

**לעווין:** יא — הערטינג!

**אסתר:** (שטעהט אויף און געהט האסטיג פערבײ איהר פאטער)

**לעווין:** וואוהין?

**אסתר:** אין מײן צימער.

**לעווין:** אז אלע זענען דא, זעהט מען דיך ניט, און אז די קומסט שוין יא, געהסטו אוועק?

**יאקוב:** פאפא, לאז זי געהן.

**לעווין:** דאס איז קולטור?

**אסתר:** (דרייט זיך פלוצלונג אום) איך קאן מעהר ניט הערען די פלאפלערײען וועגען קולטור.

**הונא:** (שטעהט אויף) אסתר...

**אסתר:** און געה דעריבער אוועק.

**לעווין:** די וועסט דא בלײבען.

**אסתר:** (מאכט עטליכע טריט און בלײבט צום סוף שטעהן. פויזע)

**יאקוב:** א שעהנע האלטונג...

**אסתר:** מיש דיך ניט אריין.

**לעווין:** דא איז אויפגעדרוקט „י. א. הערטינג“ — די קענסט דעם הערר? די ווייסט ווער ער איז? וועמענס זוהן ער איז? (א קורצע פויזע.) נו?

**אסתר:** יא.

**לעווין:** וועמענס?

**אסתר:** ער איז א זוהן פון דעם, וועגען וועלכען די האסט זיך פריהער אזוי שעהן אויסגעדריקט.

**הונא:** אסתר!

**לעווין:** איך פארוועהר דיר צו בעזוכען זײנע לעקציעס

**אסתר:** די פארוועהרסט?

**לעווין:** יא.

**אסתר:** דאס קאנסטו ניט טון.

**לעווין:** איך וועל עס דיר ווײזען.

**הונא:** פאפא!



**יאקוב:** לאז אב..

**אסתר:** די פארוועהרסט מיר צו הערען לעקציעס פון דעם, וועמענס פאטער ס׳האט אמאל דיך בעלײדיגט. אזוי זענט איהר אלע!

**לעווין:** איך פארוועהר דיר צו בעזוכען די לעקציעס פון דעם, וועמענס פאטער האט און מוז נאך הײנט בעזודלען יודען ווען ער האט נאר די מעגליכקײט. דער פאטער פון דעם מענש פעראכטעט מיט׳ן גאנצען הארץ דײנע עלטערן, און דערפאר פארוועהר איך, דײן פאטער, דיר צו הערען זײן זוהן. יא, אזעלכע זענען מיר אלע!... (ווארפט בײז דאס ביכעל אויפ׳ן טיש און נעמט א צײטונג)

**אסתר:** און דא זיצען דרײ דערוואקסענע מענשען און הערען דאס רוהיג אוים אין יאהר 1912... די האסט אויך אזא מײנונג? נו, פערשטעהט זיך... און איהר, מײער? איהר שווײגט אין שטימט צו זײ שטענדיג. און די, הונא, די קוכסט דאך צווישען...

**יאקוב:** (קעהרט זיך אב)

**אסתר:** צווישען אנדערע מענשען, טא זאג זײ, אז דאס איז א אומזין

**הונא:** געוויס, אומזין...

**יאקוב:** הײסט עס, אז איך בין אויך א משוגענער.

**אסתר:** דאס ווײס איך... דערפאר טאקע פרעג איך דיך ניט...

**הונא:** איך מײן, אז יעדער פון זײן שטאנדפונקט איז גערעכט.

**אסתר:** יא, און ווער איז, לויט דײן מײנונג, גערעכט?

**הונא:** ווער?

**אסתר:** יא, ווער? ווער? די ווײסט דאך, טא זאג...

**הונא:** (שווייגט)

**אסתר:** (ציהט מיט די אקסלען) נײן, דא רעדט מען ניט, דא שווײגט מען.

**יאקוב:** ווער רעדט ניט, איך? מיר איז אלץ אײנס, קאנסט דיר לאכען זעהר שעהן, מיר פערשטעהען שוין נארניט. מיר האבען ניט געלערנט און קײן אוניווערזיטעטען, און ניט

געהערט די לעקציעס פונים הער הערסינג, מיר פערגעסען זיך ניט געשעפט, כדי אונזערע קינדער זאלען, מיט נאטים הילף, אויפוואקסען בעסערע יודען ווי דו. איך האב ניט שטודירט אין אוניווערזיטעט, און כ'האב מיר מיינע 300,000. אויב די רופסט דאס אן אונזין, דאנק איך דעם אייבערשטען פאר דעם אונזין...

**אסתר:** שרעקליך.

**יאקוב:** דרעה ניט מיין קאפ.

**הונא:** לאז זי אב, יאקוב.

**אסתר:** שרעקליך.

**יאקוב:** וואס איז דא שרעקליך? אט דאס וואס מיר קימען זיך פרייטאג צונאכטים אלע צוזאמען און דיין מאמא גרייט צו זופ מיט קליסקעלעך? אט דאס וואס מיר פיהלען זיך גוט און בעקוועם, אט דאס איז שרעקליך?

**אסתר;** יא.

**לעווין:** (שטעהט אויף) נעגונג. (לייגט אוועק די ציטונג אין א זייט) ס'וועט נעגונג זיין... (געהט, בעמערקענדיג שרה'ן, שטעלט ער זיך אב) יאקוב. דאס קינד איז איינגעשלאפען.

## 6=טער אויפטריט.

### די פריהערדיגע, דינה און רחל (קומען אריין)

**לעווין:** לעגט אוועק דאס קינד, ס'איז שוין שפעט.

**יאקוב:** (נעמט דאס שלאפענדיגע קינד, זעהר פארזיכטיג און טראגט עס ארויס, אונטער דער בעגלייטונג פון דינה'ן און פרוי לעווין, אין שלאפצימער. לעווין בלייבט שטעהן ביי די טירען פון קאבינעט)

**לעווין:** אויף איין מינוט, מייער.

**מייער:** (שטעהט שנעל אויף, געהט צו איהם צו) מיט פערגנינגען.

**לעווין:** (עפענט די טיר) בימע, מייער.

**מייער:** כ'דאנק. (אב)

**הונא** און **אסתר** בלייבען אליין.



**אסתר:** (געהט צו צום פענסטער, הייבט אויף דעם שטארן איי דער העלפט און קוקט ארויס.)

דער שניי געהט נאך אלץ.

**הונא:** (קוקט אויף איהר) קום אהער, אסתר.

**אסתר:** (מיטין רוקען צו איהם) וואס ווילסט?

**הונא:** קום אהער...

(ער רוקט זיך אב, זי לאזט אראב דעם שטארן, געהט צו צו דער סאפע און זעצט זיך)

**הונא:** דו האסט מיך געפרעגט ווער ס'איז געקרעכט, דו אדער דער פאפא? דו דארפסט אליין וויסען, אז דא איז ניטא וואס צו פרעגען. אויב איך האב געענטפערט, הכנעה'דיג, האסטו עס בעדארפט פערשטעהן. דער פאפא און די מאמא זענען אלט... און אזוי ווי ביי מערסטענטהייל אלטע לייט האבען זיי מעהר ניט ווי די שטוב און אונז, קינדער. אט די פרייטאגצונאכטען, ווען די גאנצע פאמיליע קומט זיך צוזאמען און שרה בלייבט ביי זיי נעכטיגען, איז פאר זיי א יום-טוב און מיר דארפען איהם ניט שטערן, ווען ער האט פאר אונז אפילו א קלענערע בעדייטונג ווי פאר זיי.

**אסתר:** (אונגעדולדיג) יא, יא, איך ווייס עס...

**הונא:** מיר זענען געזעסען ביים טיש, און דיר איז נארניט איינגעפאלען צו ענטשולדיגען זיך, כאטש ס'איז געווען אויך א פרעמדער מענש...

**אסתר:** מייערן רופסטו אן א פרעמדער מענש, מייערן, וואס איז ביי אונז אין שטוב זייט כ'האב די אויגען געעפענט.

**הונא:** פאר'ן פאפא איז ער אבער א פרעמדער וואס איז פערבעטען געווארען צום טיש. דער פאפא האט דיך געפרעגט, דו קענסט דעם פאפא אזוי ניט ווי איך. ער האט שטארק ליב ווען מיר זענען אלע ארום איהם. פאר יעדען פון אונז וואלט ער דאס לעצטע אוועקגעגעבען, נאר ער פערלאנגט, אז מ'זאל איהם צוטיילען כבוד, ניט צוליב שטאלציקייט, ניט צוליב נארישע איינרעדענישען, נאר ווייל ס'שטעהט געשריבען „כבד את אביך ואת אמך“.

**אסתר:** און צוליב שטאלצקייט אויך.

הוגא: נו, יאָ.

אסתר: און צוליב נאַרישע איינרעדעניש.

הוגא: דאָס איז ניט אמת.

אסתר: ווי דען קאָן מען אָנרופֿען דאָס וואָס ער האָט געזאָגט וועגן הערטינגן?..

הוגא: (ציהט מיט די פּלייצעס) פֿאַר דיר עלטערנס זינד.

אסתר: דאָס איז דאָך אָבער אַ נאַרישקייט.

הוגא: קאָן זיין.

אסתר: מ'דאַרף ניט האַסען אַ מענש דערפֿאַר וואָס אונזערע עלטערן זיינען זיך שונאים.

הוגא: כ'פֿיהל צו הערטינגן ניט קיין ליבע און ניט קיין שנאה, כ'קען איהם ניט.

אסתר: דו קענסט איהם ניט, דו קאָנסט דאָך אָבער גאָרניט האַבען נעגען איהם.

הוגא: איך ווייס נאָר, אַז ער איז אַ זוהן פֿון זיין פֿאָטער.

אסתר: ווען דו קענסט אויך ניט.

הוגא: אָפֿען גערעדט, האָב איך אפילו ניט קיין ווילען איהם יאָ צו קענען.

אסתר: דו ביזט פּינקט אַזוי ווי אַלע, איהר פֿאָרט, אַז מ'זאָל אייך ליבען.

הוגא: מיר פֿאָדערן, אַז מ'זאָל אונז ליבען?

אסתר: און אַליין ברענגט איהר דערצו, אַז מ'זאָל אייך ניט קאָנען אָנקוקען.

הוגא: וואָס זאָגסטו?

אסתר: אָט ווער איהר זענט!

הוגא: ווער איז דאָס דער „איהר"? דער פּאַפּא און די מאַמא, איך און יאקוב? פֿאַרוואָס זענען מיר דאָס פּלוצלונג געוואָרען פֿאַר דיר אַ „איהר"? מיך האָט נאָך פֿריהער אויך פֿערדראָסען וואָס דו האָסט זיך אויסגעדריקט „אַזוי זענט איהר אַלע"! דו האָסט דערמיט, הייסט עס, געוואָלט זאָגען, אַז מיר זענען ניט אַזוי גוט ווי געוויסע אַנדערע מענשען.

אסתר: געוויסע אַנדערע מענשען? אודאי!!!

הוגא: וואָס אודאי?!

אסתר: דו מיינסט, אַז איך ווייס ניט אויף וועמען דו צילסט



הוגא: אויף וועמען כ'ציל?

אסתר: נו, פֿערשטעהט זיך, אַז אויף הערטינגן.

הוגא: וואָס איז דיר עפּעס פּלוצלונג געקומען איינ'ם קאָפּ אַריין „הערטינג"? כ'האָב גאָר געטראַכט וועגן גאַנץ אַנדערע. אַ מאָל האָסטו אויך אַזוי געדענקט און געפֿיהלט ווי איך.

אסתר: יאָ, דאָס איז געווען אַ מאָל.

הוגא: פֿאַר אַ האַלב יאָהר צוריק.

אסתר: וואָס ווילסטו דערמיט זאָגען?

הוגא: גאָרניט.

אסתר: (שטעהט אויף, דרייט זיך צופֿעליג אום) כ'קום דאָ אַריין, די גאַנצע פֿאַמיליע איז צוזאַמען. דער פּאַפּא זיצט אין מיטען איבער'ן פֿאַמיליע-זופּ פּונקט ווי אויף אַ טראָן. כ'בין געגאַנגען אין גאַס, אויפֿ'ן פֿראָסט, דער שניי האָט געקלאַפּט איבער'ן פּנים. כ'האָב מיר געטראַכט מיינע געדאַנקען... כ'האָב געבענקט וועגן עפּעס גאַנץ אַנדערעס... וועגן עפּעס פֿרייעס, מיך האָט געצויגען ערגעץ ווייט וואו אַלץ איז אָפֿען, שעהן און פֿריי, און אָט בין איך דאָ אַריינגעקומען, מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז די צייט האָט זיך צוריקגערוקט אויף אַ יאָהרהונדערט, אַז די וועלט איז איינגעשרומפּען און די פֿיר ענגע ווענד, מיינער שמייכעלט נאָך אַלץ, דינה פּינטעלט אַלץ נאָך מיט די אויגען, דו שווייגסט, און דעם פּאַפּאַ'ס ווערטער קלינגען ווי נאָטים גוויסט איבער'ן וואַסער. ס'פֿעהלט לופֿט, נייע ווערטער, נייע, נייע... אַ טויטער — ים... יאָ, אַ טויטער ים...

הוגא: דאָס איז אַ שעהנער געדאַנק.

אסתר: אַוועק פֿון דאַנען, אַנטלויפֿען, אַנטלויפֿען...

הוגא: וואוהין?

אסתר: וואוהין? (געהט פּאַמעליך איבער'ן צימער מיט אַ גליקליכען שמייכעל איבער'ן געזיכט)

הוגא: (קוקט אויף איהר, דערנאָך קעהרט ער זיך אָב און מיט אַ גליקליכען שמייכעל נעמט ער שטיל און פּאַמעליך רעדען) כ'פֿיהל אויך דאָס זעלבע. ווען כ'בין טאָמער צווישען אַנדערע מענשען, ווי דו האָסט זיך פֿריהער אויסגעדריקט,

פערכאפט מיך אן א בענקשאפט נאך דער היים, און ווען כיקום דא אהער, פיהל איך, אז כיבין אין דער היים.. כיקאן עס דיר ניט ערקלערען. נאר דאס וואס דו רופסט אן פאמיליען-זוש, און דאס וואס די וועלט איז איינגעשרומפען, און דאס וואס דינה פינטעלט מיט די אויגען — דאס אליין איז מיר זעהר טייער. כיפערשטעה, אז ס'איז פארהאן עפעס טייערערעס, גרעסערעס, כיקאן זיך ניט פיהלען צווישען אנדערע מענשען, צווישען קריסטען, נעצענדיגער — אהן אונ-טערשיד. זאל אבער דאס פרעמדע לעבען זיין אונטער-טאניטערע, יום טובידיגער, זאלען די אנדער'ע מענשען זיין בעסער און עדלער, אבער פארט איז מיר דא עפעס ווי דרינ'ט מען זיך אוים, היימישער, וואס כיהאב און וועל אויף קיין פאל ניט פערטוישען, אז כיזיץ דא און הער-דעם פאפאים רייד וואס פליסען, — ווי דו זאגסט —, אויסין וואסער אין די מוטער וואס רעגט זיך אויף צוליב די קליסקעלעך און... יאקוב'ן וואס פערדרעהט דעם קאפ מיט זיינע כעשות וועגען ספירט און וועקסלען. יא, ווען דאס אלין וואלט געווען אויסער די פיר ווענד, וואלט... נאר דא איז עס גוט, דא איז עס אויפ'ן ארט. איך אליין געהער אויך דא אהער, ניט קוקענדיג אויף מיין אונוועזענ-בילדונג, אויפין פראגרעס, נייע עפאכע אין די איבריגע זאכען. כיגעהער דא אהער מיט דעם געפיהל, וואס דו קאנסט אנרופען אונזין אדער פאמיליען-זוש — — ווי דו ווילסט. נאר דאס איז ניט קיין טויטער ים, אסתר, ניין.

**אסתר:** (ווארפט זיך ביי די לעצטע ווערטער צופעליג אין שטול ביי וועלכען זי שטעהט און בעדעקט דאס געזיכט מיט די הענד)

**הונא:** (שטעהט שנעל אויף) וואס איז דיר, אסתר?

**אסתר:** גארניט.

**הונא:** זאג מיר.

**אסתר:** כיקאן ניט.

**הונא:** דאס קומט דיר צוליבין פאטער?

**אסתר:** ניין.

**הונא:** פארוואס וויינסטו?



**אסתר:** (הייבט אויף דעם קאפ) כיוויין ניט, ניין, לאך ניט.. כיבין אזוי... כיבין אזוי...

**הונא:** וואס ביזטו?

**אסתר:** כיקאן ניט, הונא, כיוויים ניט... כידארף ניט טראכ-טען...

**הונא:** שטילער...

## 7-טער אויפטריט.

## די פריהערדיגע, יאקוב, דינה און רחל.

די טיר פון שלאפצימער עפענט זיך פארזיכטיג און ס'קומט ארײַן יאקוב, אין דער בעגלייטונג פון דינה'ן און רחל, וועלכע פערמאכען הינטער זיך שטיל די טיר. יאקוב קערט זיך אום און גיט זיי א צייכען, אז זיי זאלען שווייגען.

**יאקוב:** שש... דינה גיה ניט ווי א בער און פלאפל ניט אזוי פיל, אזוי... דאס קינד איז מיד געווארען, אזויפיל מענשען, אזויפיל עסען. דינה, דו שטאפסט דאס קינד צו-פיל...

**דינה:** איך?

**יאקוב:** אפשר איך?

**דינה:** נו, וועל איך עס אויפהערען צו שטאפ'ן.

**יאקוב:** אז כיזאג, אז דו וועסט דאס קינד אויפהערען צו שטאפען וועסטו עס אויפהערען, ניט באלד יעדעס קינד וועגט 140 פונט.

**דינה:** 139.

**יאקוב:** נו, 139 איז אויך ניט שלעכט אין א נויט. (לאכט הויך פון זיין וויץ, געהט צו און קושט דינה'ן) זאג מיר, כיבעט דיך, וואס איז שווערער 140 פונט די לייכטסטע כינעזישע פעדער'ן, אדער 140 פונט דאס שווערסטע אמערי-קאנער פעטס?

**דינה:** יאקוב, דו ווילסט מיך צונאר מאכען?

**יאקוב:** ניין, אבער וואס איז שווערער?

**דינה:** פערשטעהט זיך, אז פעטס...

**יאקוב:** נעווים... דו ביזט שווערער. דינה, זאָל נאָט געבען, אַז מיינע קינדער זאָלען ירשהינען דיין וואָג און אַבּוּסעלע פון דיין שׂכל. (קוקט אויפ'ן וייגער) קינדער, ס'איז שוין ציים אַ היימצוגעהן.

**רחל:** שוין?

**יאקוב:** ביז מיר וועלען אַהיים קומען וועט שוין נאָר שפּעט זיין. הונא, דו נערסט? מאַמא, זיי אַזוי גוט און רוף אַריין דעם פּאַפּא, דינה, זאָג „אַ גוטע נאַכט". (רחל געהט צו צו דער הינטערגרונד-טיר און קלאַפּט, דינה און יאקוב געזעגנען זיך מיט אסתר'ן, דערנאָך געהען זיי צו רחל'ן און זאָגען „אַ גוטע נאַכט")

## 8-טער אויפטריט.

### די פריהערדיגע, מיער און לעווין קומען אַרויס פון קאַבינעט.

**יאקוב:** מייער, איהר נערט מיט אונז?

**לעווין:** שוין? (געזעגנען זיך)

**רחל:** (דערלאַנגט יאקוב'ן אַ פּעקעלע) אַ שטיקעל עפּעל-קוכען פאַר נאָניאַשקען.

**יאקוב:** הונא, מ'קען עס איהר געבען היינט ביינאַכט?

**הונא:** אויב דו ווילסט דורכאויס, אַז דיין קינד זאָל קראַנק ווערען...

(געהען אָב אין קאָרידאָר. די לעווינ'ס בעגלייטען זיי. הונא וואַרט)

**הונא:** (צערטלענדיג) אסתר, אַ גוטע נאַכט.

**אסתר:** אַ גוטע נאַכט, הונא.

**יאקוב:** (רופט) נו, קום שוין, הונא.

**הונא:** (געהט אַרויס, מ'הערט ווי אַלע געזעגנען זיך און זאָגען זיך „אַ גוטע נאַכט", אַ שטילקייט.)



## 9-טער אויפטריט.

### לעווין, רחל, אסתר.

(די לעווינ'ס קומען אַריין, רחל הייבט אויף די שטאַרענס און עפענט דאָס פענסטער און דער העלפט, באַלד נאָכדעם הערט זיך פון אונטען „אַ גוטע נאַכט" — „געהט געזונד, קינדער".)

**לעווין:** (געהט צו צום קאַבינעט) דו געהסט שלאָפען?

**רחל:** באַלד.

**לעווין:** כ'געה זיך שוין לייגען. (אָב)

**רחל:** (רוימט אָב דעם טיש, געהט צו צום קרעדענס, ברענגט אַלץ אין אָרדנונג, בעהאַלט דאָס זילבערצייג)

**אסתר:** (זיצט אויפ'ן סאָפע) מאַמא!

**רחל:** וואָס?

**אסתר:** כ'וויל מיט דיר עפּעס רעדען.

**רחל:** באַלד, מיין קינד. (פערשליסט דאָס זילבער, בעהאַלט דעם שליסעל אין טאַש) שוין לאָמיר זיך זעצען און זיך אַדורכרעדען. (זעצט זיך נעבען אסתר'ן, פלוצלונג) כ'האָב פערשלאָסען דאָס צירונג?

**אסתר:** יאָ, מאַמא.

**רחל:** וואָס ווילסטו, מיין טייערע?

**אסתר:** כ'ווייס, אַז כ'האָב זיך גראָב אויפגעפירט נעגען פּאַפּא. דאָס איז געווען נאַריש. נאָר כ'בין געווען צושטרייט און כ'האָב ניט געקאָנט אַנדערש ענטפערן. מ'האָט איהם שוין לאַנג געדאַרפט זאָגען, אַז כ'בעזויך הערטונג'ס לעקציעס. דו האָסט אָבער מורא געהאַט, אַז ער וועט זיך בייזערן, היינט האָט אָבער מיט מיר עפּעס נייעס פּאַסירט, נאָר נייעס, כ'דאַרף עס איהם דערצעהלען, נאָר כ'קאָן ניט. מאַמא, כ'בין פרעהליך, כ'בין גליקליך... און פונדעסטוועגען וואָלט איך געוואָלט, אַז ס'זאָל אַנדערש זיין.

**רחל:** וואָס איז דען?

**אסתר:** דער פּאַפּא וועט עס ניט פערשטעהן און ס'קאָן זיין, אַז ער וועט עס מיר קיינמאָל ניט מוחל זיין.

רחל: אום גאָטעס ווילען, וואס איז דען געשעהן?

אסתר: כיבין געוואָרען הערטינגס כלה.

רחל: שטילער... (קוקט דערשראָקען אויף דער טיר פון קאבינעט) אסתר, אום גאָטעס ווילען, דו לאַכסט... אסתר... וואָס האָב איך דיר געזאָגט ווען דו האָסט געבעטען א ערלויבניש צו בעזוכען זיינע לעקציעס? „הערטינג איז נים פאַר דיר", געדענקסטו עס? נו ווער איז געווען גערעכט?

אסתר: מאַמא...

רחל: דאָס קאָנסטו נים טון. דו קענסט דאָך דעם פאפא. הערטינג — זיין אידעס?... זאָל גאָט אָבהיטען... און איך זאָל דיר נאָך העלפען? קיינמאָל נים. אסתר, דאס קאָן איך נים. איך זאָל געהן צום פאפא און איהם זאָגען, אז זיין טאָכטער האט חתונה מיט'ן גע־יים־ראַט הערטינגס זוהן?...

אסתר: יאָ, מאמא...

רחל: קיינמאָל נים.

אסתר: דו מוזט עס, מאמא.

רחל: זאָג דו איהם אַליין.

אסתר: כ'וועל נים קאָנען רײדען מיט'ן פאפא.

רחל: און איך וועל יאָ קאָנען?

אסתר: דער פאפא פיהלט נים...

רחל: זינדיג נים...

אסתר: ער פערשטעהט נים.

רחל: דו ווייסט דען וואָס דער פאפא פיהלט? ווייסטו דען וואס ער פערשטעהט? איז עס דען א וואונדער, וואָס א 70-יעהריגער מאַן פערשטעהט נים, ווי אזוי א איינציגע טאָכטער קאָן איהם אַנטון אַזא צרה, א צרה איז נאָך א צו שוואַכער אויסדרוק... דו ווייסט וואָס ער וועט ענטפערן, אז מ'וועט איהם דאָס דערצעהלען? „ווער האָט אסתר'ן ערלויבט צו בעזוכען די לעקציעס? דו! ווער האָט דאס בעהאַלטען פון מיר, דו! ווער זשע איז אין אַלעם שולדיג? דו!"...

אסתר: בעט מיך נים אין פערצווייפלונג.

רחל: גאָט איז מיין עדות, אז כ'וואָלט פאַר דיר אַלץ געטון.



אסתר: טאָ טו עס.

רחל: אַלץ וואָס דו ווילסט, נאָר נים דאָס. (א קורצע פויזע.) אסתר דו מוזט זיך אָבזאגען פון הערטינגן.

אסתר: דאָס הייסט ביי דיר הילף?

רחל: נו — יאָ...

אסתר: (שטעהט אויף) ווי אַזוי קאָנסטו אַזוי רײדען?

רחל: (דריקט זי צו צו זיך) נו, נו, מיין טייערע, קליינינקע אסתר... דו ביזט יונג און איך בין אַלט — דו רעדסט ווי דו פיהלסט און איך רעד ווי איך פיהל. קאָן איך דען דיך אַרוטנעמען און דיך קושען, אַרומנעמען דיך און זאָגען, אז כ'בין גליקליך? בערוהיג דיך, טייערע, אום גאָטעס ווילען, דער פאפא קאָן יעדע מינוט אַריינקומען... כ'קאָן איצט מיט איהם נים רעדען, כ'ווייס נים ווי אזוי מ'הייבט אָן און ווי מ'ענדיגט — כ'וואָלט געשטאַנען א צוגעשטירטע און וואָלט כ'ווייס נים וואָס גערעדט... מיר וועלען איבער נאַכט אַלץ איבערטראַכטען, טייערע, כ'וועל מיך ווי מיין די נאַכט אַנ'אוינ נים צו מאַכען. דו געדענקסט וואָס ס'איז געווען מיט הוגאין? זי איז נים געווען דעם געהיימראַט הערטינגס טאָכטער, און פונדעסטוועגען האָט ער זיך צוליב דעם פאָטער פון איהר אָבגעזאגט. יאָ, יאָ, כ'ווייס, היינט האט זיך אַלץ געענדערט, ס'איז שוין נים דאָס וואס אַמאָל. מ'האט חתונה מיט וועמען מ'וויל. אָבער דער פאפא פער־שטעהט עס נים... ער וועט נים פערשטעהן, אז זיין טאָכטער... זיין טאָכטער...

אסתר: ער מוז פערשטעהן!

רחל: ער מוז?

אסתר: אז איצט איז א אַנדערע צייט

רחל: א, יאָ...

אסתר: און אַנדערע מענשען.

רחל: יאָ, צום בעדויערן.

אסתר: ער מוז עס פערשטעהן.

רחל: ער מוז... זיי נים קיין קינד, אסתר, וואָס הייסט דאס, מיר אַלטע מוזען? מיר קאָנען נים... אז דו וועסט עפעס נים פערשטעהן, און כ'וועל דיר זאָגען

— דו זוזט — ווײסט? עס דעמאָלט שוין יאָ פֿערשטעהן?

**אסתר:** מאמא, דו אָבער פֿערשטעהסט דאָך מיך יאָ.

**רחל:** איך?

**אסתר:** אז כ׳זאָג דיר, אז... (קניהט פאַר דער מוטער)

**רחל:** נו, יאָ — (לעגט די האַנד אויפֿ׳ן ברוסט) אָט דאָ, קאָן זײַן, פֿערשטעה איך דיך. (ווײזט אויפֿ׳ן שטערן) נאר דאָ... כ׳קאָן ניט דײַן הערצינגע׳, ס׳קאָן זײַן, אז ער איז אַ זעהר גוטער מענש, אַ קלוגער און אַ אָרנטליכער — איך קען איהם ניט. דו האָסט זיך פֿערלאבט מיט אַ מענש וועלכען דו קענסט און ליבסט — נאר איך קען דאָך איהם אָבער ניט. איך קאָן דיר נאר איין זאַך זאָגען; אַך, ווי גליקליך וואָלט איך געווען ווען ער וואלט געווען אַ יוד... ווי טרויעריג איז, וואס כ׳קאָן זיך מיט דיר ניט מיט פֿרייען, און אַז כ׳טראַכט איבער וואָס ס׳וועט ווײַטער זײַן, און וואָס מיר און דעם פאפא שטעהט נאך פֿאר אויף דער עלטער איבערצולעבען — כ׳ווײס ניט, אויב כ׳זאָל מיר עפעס ערגערס ווינשען...

**אסתר:** מאמא...

**רחל:** ניין, ניין, מײַן האַרץ, מײַן טײַערע, ליב קינד... נאָט וועט אונז העלפֿען. (ס׳הערען זיך טריט פֿון קאַבינעט) דער פאפא געהט. שנעלער, אסתר, געה אוועק, זאל דיך דער פאפא ניט זעהן. כ׳וועל איהם הײַנט גארניט זאָגען.

**אסתר:** אַ גוטע נאַכט, מאמא.

**רחל:** ניין, הײַנט ניט, ניין... אַ גוטע נאַכט!

**אסתר:** (געהט שנעל אַרויס דורך דער הינטערשטער לינקער טיר)

**רחל:** (שטעהט אויף) אַלץ געענדיגט.



# 10=טער אויפֿטריט.

## לעווין און רחל

**לעווין:** (געהט אַרויס פֿון קאַבינעט) דו ביזט נאָך ניט געגאַנגען שלאָפֿען?

**רחל:** כ׳האָב געדאַרפֿט אַלץ אין אָרדנונג ברענגען.

**לעווין:** אסתר האָט זיך ש״ן געלעגט?

**רחל:** זי האט געבעטען ענטשולדיגונג.

**לעווין:** אַ שעהנעם דאַנק. (געהט צו צום שלאָפֿצימער, אומדרעהענדיג זיך) וועסט הײַנט פֿערלעשען די לאָמפּ? *)

**רחל:** יאָ.

**לעווין:** (עפֿענט די טיר פֿון שלאָפֿצימער)

**רחל:** (אָטעמט שווער) אַך, יאָ...

**לעווין:** שש... רחל, דאָס קינד... (געהען אויף די שפּיץ פֿינגער אַריין אין שלאָפֿצימער)

פֿאָרהאַנג

## צווייטער אקט.

אין צוויי טאג ארום. זונטאג נאך מיטאג.

לעווינ'ס קאבינעט. אין מיטען א ארבייטס=טיש און שטולען, טיף אראב א סאפע, איבער וועלכע ס'הענגען די בילדער פון לעווינ'ס עלטערן. רעכטס א פענסטער; דערנעבען א שרייב=טיש מיט א דרעה=באנק און א פאטעל. רעכטס אין הינטערגרונד א קאסע. לינקס, צווישען צוויי שטולען, א רויכער=טישעל.

טירען; רעכטס, טיף אין קארידאר. טיף לינקס און עס=שטוב, װואנס=סצענע לינקס, און שלאפצימער.

ביים אויפהייבען דעם פארהאנג זיצט לעווין, הויזליך אנגעטון, נעבען שרייב=טיש. דערנעבען מייער אין א שטול, אין שלום=ראק. לעווין דיקטירט, בעצייכנענדיג עפעס אויף א בויגען פאפיר. מייער פערצייכענט עס אין זיין נאטיץ=ביכעל.

---

### 1=טער אויפטריט.

### לעווין, מייער.

**לעווין:** (איבערדרעהענדיג דעם בויגען אלזא, הייסט עס: 14000 4 1/2 היפאטיק, צווייטע סעריע פאר דער אלמנה מעלכיאר, — פערשריבען?



**מייער:** 14000 4 1/2 היפאטיק, צווייטע סעריע — יא.

**לעווין:** איצט נאך 20,000 4 % קרעדיט-פאפירען, צווייטע סעריע. ווי האלט דער קורס?

**מייער:** 91 1/2 ביז 314.

**לעווין:** יאקוב האט נעכטען געקויפט ספירט?

**מייער:** ניין, נאר געוועהנליכען.

**לעווין:** וויפיל?

**מייער:** 10,000 קאטעגא און 10,000 פרעיא.

**לעווין:** ווי קאן מען זיך דאס נישט אבהאלטען?

**מייער:** מיר דאכט זיך, אז ספירט איז געפעהרליכער...

**לעווין:** און צום טוף: 18, 000 קרעדיט-באנק. נור זייט פארזיכטיג, מייער.

**מייער:** די פאפירען זענען אהן ריזיק.

**לעווין:** א דאנק, מייער, אלץ... איהר ווילט נישט קיין סיגאר?

**מייער:** א דאנק.

**לעווין:** (דערלאנגט איהם א סיגאר דערנאך געהט ער צו צו די פאפירען אין קאסע, בעמערקט אויפ'ן שטול ביים טיר מייער'ס צילינדער) מייער, דאס איז אייער צילינדער?

**מייער:** יא.

**לעווין:** א צילינדער! איהר טראגט דען א צילינדער?

**מייער:** יא, מיט אייער ערלויבניש.

**לעווין:** (בעהאלט די פאפירען אין שאנק) כ'זעה עס צום ערשטען מאל. נעמיס און אויסנאם — פאלען?

**מייער:** (ציהט פערוואונדערט מיט די אקסלען).

**לעווין:** צום ביישפיל; ביי לוות אדער ביי עהנליכע צערעמאניעס.

**מייער:** זאל נאט היטען...

**לעווין:** ענטשולדיגט... (קעהרט זיך צוריק צום שרייב-טיש) כ'וויל אייך מעהר נישט אויפהאלטען, געהט זיך איבער שפאצירען (שמייכלענדיג) אין אייער צילינדער.

**מייער:** (נאך א פויזע) ענטשולדיגט, העדר לעווין.

**לעווין:** וואס אזוינס?

**מייער:** כ'וואלט געבעטען, אז איהר זאלט מיר שענקען עטליכע

מינוט.

ל ע װ י ן: מיט פֿערגניגען (בעט איהם זיצען) ביטע.

מ ײ ע ר: כ'דאַנק פֿאַראױס. (זעצט זיך. פּױזע) ענטשולדיגט מיר, הער לעװין, נאָר איהר האָט מיך אַלײן פֿריהער געפֿרעגט פֿאַרװאָס כ'טראָג דײַנט אַ צילינדער, און כ'ערלויב מיר עס אײַך צו ערקלערען.

ל ע װ י ן: ערקלערען... ביטע, מײער.

מ ײ ע ר: סיקאָן זײַן, אַז איהר װעט מיך האַלטען פֿאַר אַ איװנגע־בילדעטען, נאָר די לעצטע יאָהרען האַלט איך און אײַן טראַכטען װעגען דעם און קאָן זיך אַלײן נישט בעשליסען... איהר זענט אַזוי גוט געװעזען, הער לעװין, און מיך בעשטימט פֿאַר אַ פֿערװאַלטער און מיר געהעכערט דאָס געהאַלט. פֿאַר די עטליכע יאָהר האָב איך װאָס ס'איז אָנגעזאַמעלט. אמת, כ'דאַרף אונטערשטיצען מײַן מוטער און שװעסטער, מײַן געהאַלט איז אָבער אַ גוטס... זעהר אַ גיטס... און אַלײן צוזאַמען... (װישט אָב דעם שװייס פֿון שטערן)

ל ע װ י ן: יאָ, יאָ, אָבער װי קומט דאָ אַהער דער צילינדער, מײער?

מ ײ ע ר: כ'װעל באַלד ערקלערען, אײן מינוט... כ'אַרבײַט בײַ אײַך 20 יאָהר, הער לעװין, און כ'האָב אַ רעכט צו מײנען, אַז איהר זענט געװען פֿון מיר צופֿרידען. איהר האָט טױזמאָל בעמערקט, אַז מיט דער צײַט, װען איהר װעט אַ מאָל אַװעקװאַרפֿען דאָס געשעפֿט, אָדער עפּעס ענליכעס – װעט דאָס קאָנטאָר איבערגעהן צו מיר, און איך װעל דאַרפֿען אױסצאָהלען אײַך אָדער, חלילה וחס, אײַער אלמנה, פּראָצענט מיט'ן קאַפּיטאַל. דערװײַל בין איך שױן 37 יאָהר אַלט, און כ'האָב, ענטשולדיגט מיר, אַ קלײן ביסעלע קאַפּיטאַל... האָב איך מיך מיישב געװען, צי איז נישט אַ עצה, אַז אי דאָס געשעפֿט, אי דאָס קאָנטאָר זאָלען בלײַבען אין דער משפּחה... (האַקט אָב)

ל ע װ י ן: אין דער משפּחה?

מ ײ ע ר: (שטעהט אויף) ענטשולדיגט, נאָר... קורץ און גוט: כ'ערלויב מיר צו בעטען אײַער טאָכטער, אסתר'ס, האַנד.

(אַ לאַנגע פּױזע)



ל ע װ י ן: נו, יאָ... (װידער אַ פּױזע) כ'בעט אײַך, מײער, זיצט.

מ ײ ע ר: כ'דאַנק אײַך.

ל ע װ י ן: נו, יאָ... (פּױזע. ער הױבט אויף דעם קאָפּ) מיט אסתר'ן האָט איהר שוין גערעדט?

מ ײ ע ר: נײן, הער לעװין.

ל ע װ י ן: און מיט הדסה'ן?

מ ײ ע ר: אויך נישט.

ל ע װ י ן: הײסט עס, מיט קײנעם נישט?

מ ײ ע ר: נײן, נאָר מיט אײַער פֿרוי.

ל ע װ י ן: װאָס האָט זי אײַך געזאָגט?

מ ײ ע ר: הם... סיקאָן זײַן, אַז כ'פֿיהר מיך אַ ביסעל אַלט־מאָדיש, נאָר כ'האַלט דעם שריט פֿאַר'ן ריכטיגסטע.

ל ע װ י ן: כ'בין אײַנשטימיג דערמיט. (פּױזע). נו, יאָ... אַז איהר פֿ־ענט אָפֿען, טוז איך אײַך אויך אָפֿען ענטפֿער־ן: אָט דער געדאַנק איז מיר שוין אײניגע מאָל אײַנגעפֿאַלען און ער איז מיר געפֿעלען.

מ ײ ע ר: אַ דאַנק, הער לעװין.

ל ע װ י ן: איך רעד נאָר װעגען זיך אַלײן. יאַקוב האָט זיך זײַן געשעפֿט, הוגא געהט זיך אין זײַנע װעגען, אַזוי אַז מײַן געשעפֿט בלײַבט אין דער אמתין אָהן יורשים. פֿערשטעהט זיך, אַ געשעפֿט איז נישט קײן לעבעדיגע זאַך, נאָר פֿונ־דעסטװעגען איז עס יעדען מײַער, פּונקט אַזוי װי אַ אײגען קינד, װאָס מ'װיל נישט איבערגעבען אין פֿרעמדע הענד. אײַך, מײער, האַלט איך נישט פֿאַר קײן פֿרעמדען מענש. איך װײס, אַז װען כ'װאָלט געשטאָרבען, װאָלט איהר װײַטער געפֿיהרט מײַנע געשעפֿטען, נאָר פֿונדעסטװעגען װאָלט איך געלעגען רוהיגער אין קבר, װען דאָס געשעפֿט בלײַבט אין דער משפּחה. נישט אמת, מיר פֿערשטעהען זיך אײנער דעם אַנדערן?

מ ײ ע ר: פֿאָלשטענדיג, הער לעװין.

ל ע װ י ן: אַלזאָ, כ'האָב גאָרנישט געגען דעם, איהר זענט נאָך אַ יונגערמאַן... האָט אַ גוטען נאָמען אויף דער בירזע... (מ ײ ע ר פֿערנייגט זיך) און אויף די איבריגע ערטער. איהר

וואָלט דרײַסט געקאָנט איבערנעמען דאָס קאָנטאָר און אַנדערע הענד און וואָלט עס זעהר גוט געפֿיהרט. איהר וואָלט געקאָנט ווײַטער פֿיהרען די פֿירמע „אַדאָלף לעווין", קאָן זײַן מיט אַ צוגעגעבענעם שותף... נאָר ס'וואָלט פֿאָרט גע-טראָגען מײַן נאָמען. איהר פֿערשטעהט דאָך, אַז ס'האַנדעלט זיך דאָ נישט וועגען אַ נאַרישע עקשנות, נאָר ווען איהר וואָלט זיך געזעצט אָט דאָ אויף מײַן אָרט, וואָלט איך געוואוסט, אַז מײַן פֿירמע בלײַבט בײַ דער זעלבער קליענטור און בײַ דער זעלבער טעטיגקייט. אויף אַזאַ אַרט, אויב כ'וואָלט גענומען זיך אַ אײדעם, וואָס זאָל מיך פֿערשטעהן, ווען...

**מ ײ ע ר:** ביז 120 יאָהר...

**ל ע וו י ן:** פֿריהער אָדער שפּעטער מוז עס געשעהען. אַלזאָ וואָס אַנבעלאַנגט מיך פּערזענליך, האָט איהר מײַן צו-שטימונג.

**מ ײ ע ר:** (שטעהט אויף) טויזענד דאַנק אײַך.

**ל ע וו י ן:** (ציהענדיג מיט די אַקסלען) נאָ־...

**מ ײ ע ר:** (זעצט זיך) יאָ, זעלבסטפֿערשטענדליך... (פּויזע)

**ל ע וו י ן:** אײַער סיגאַר איז אויסגעגאַנגען... מײער... איהר ווילט זי פֿעררויכערן?

**מ ײ ע ר:** אַ דאַנק... איך וועל צו וואַרטען.... (פּויזע)

**ל ע וו י ן:** איך זאָג „נאָר"... אין 68-טען יאָהר ווען איך בין געוואָרען אַ חתן, האָט נישט עקזיסטירט קײַן „נאָר", איצט אָבער, אין 1912, היט מען נישט שטאַרק אפילו משה רבינו'ס פּינקט געבאָט. דעמאָלט זענען די עלטערן געווען אויפֿ'ן ערשטען פּלאַץ, און איצט זענען עס די קינדער. וואָס זאָל מען זאָגען?... איהר קענט אסתר'ן פּונקט אַזוי גוט ווי איך. זי בעזיצט עטליכע שפּראַכען, סטענאָגראַפֿיע, בעזוכט לעקציעס, נאָר אויב זי קאָן אײַך אָבקאָכען אַ טעלערל זופּ, דאָס, מײער, ווייס איך נישט. לאָמיר צו וואַרטען, כ'וועל איבעררײדען מיט דער אַלטער, און זי — אויב איהר ווילט — מיט אסתר'ן. לאָמיר האָפֿען, אַז אַנדערע אַקציעס שטעהען בײַ מײַן טאָכטער פּונקט אַזוי הויך ווי בײַ מיר.



**מ ײ ע ר:** (שטעהט אויף) איהר זענט זעהר ליבענסווירדיג, הערר לעווין.

**ל ע וו י ן:** אַלזאָ בעשטימט?

**מ ײ ע ר:** יאָ, כ'דאַנק.

## 2-טער אויפֿטריט.

### די פֿריהערדיגע, ר ח ל, באַלד דערנאָך אָ ס ת ר.

**ר ח ל:** (קומט אַרײַן און דערזעהענדיג מײער'ן, בלײַבט זי שטעהן און דער טיר) ענטשולדיגט...

**ל ע וו י ן:** קום אַרײַן, מיר האָבען שוין געענדיגט.

**ר ח ל:** כ'האָב געמיינט, אַז איהר זענט שוין אַוועק, מײער, און קאָרידאָר הענגט נישט אײַער פּאַלטאָ.

**מ ײ ע ר:** (געהט צו צו זיינע זאַכען) יאָ, ענטשולדיגט, ער איז דאָ... (טוט זיך אָן דעם פּאַלטאָ)

**ל ע וו י ן:** (העלפֿט איהם צו).

**מ ײ ע ר:** (געהט צו צו רחל'ן זיך געזעגנען)

**ר ח ל:** (אַפּלעסק טוענדיג מיט די הענד) מײער און אַ צילינדער! טוט איהם אָן, לאָמיר זעהן ווי ער פּאַסט אײַך. (מ ײ ע ר טוט איהם אָן, פֿ ר וי און ה ע ר ר ל ע וו י ן לאַכען) גרויס-אַרטיג... (לויפֿט צו צו דער לינקער טיר און רופֿט) אסתר, אסתר, קום נאָר אַרײַן.

**א ס ת ר:** (קומט אַריין)

**ר ח ל:** גיב נאָר אַ קוק, מײער און אַ צילינדער. (ב י י ד ע לאַכען) ווי ס'קלײדט איהם... (ל ע וו י ן און מ י י ע ר לאַכען) מײער, איהר זעהט אויס ווי אַ חתן-בחור. (אַלע לאַכען).

**מ ײ ע ר:** (טוט אויס דעם צילינדער)

**ל ע וו י ן:** מײער, איהר ווילט נישט פֿעררויכערן? אסתר, דער-לאַנג איהם אַ שוועבעלע.

**א ס ת ר:** (דערלאַנגט איהם אַ אָנגעצונדען שוועבעלע)

**מ ײ ע ר:** (וויל נעמען דאָס שוועבעלע)

**א ס ת ר:** ניין, לאָזט מיך. פּעררויכערט זיין סיגאַר) תתחדש.

**מ ײ ע ר:** (אָנקוועלענדיג) דעם בעסטען דאַנק. (געזעגענט זיך און

געהט אָב אין דער רעכטער טיר)

**לעווין:** (בעגלייט איהם)

**אסתר:** (שנעל, צו דער מוטער) רייד איצט מיט׳ן פּאפּא.

**רחל:** מאָרגען, אסתר...

**אסתר:** נעכטען האָסטו אויך אזוי געזאָגט. דער פּאָטער דאַרף אַלץ פריהער וויסען, אַז דער יערסען קומט... איך האָב עס איהם צוגעזאָגט...

**רחל:** וואַרט צו...

**אסתר:** דו מוזט עס.

**רחל:** כ׳קאָן נישט.

**אסתר:** דו וועסט עס טון... (קושט די מוטער) נו, מאמא.

(מ׳הערט ווי דער אַלטער מורמעלט עפּעס אין קאָרידאָר אונטער דער נאָז פאַר זיך.)

**אסתר:** (לויפט שנעל אָב.)

## 3-טער אויפטריט.

### פרוי און הערר לעווין.

**רחל:** אסתר...

**לעווין:** (קומט אריין, גוט געשטימט, געהט ארום ברומענדיג, אָנפילענדיג זיין ליולקע)

**רחל:** (קעהרט זיך שנעל צו דער טיר, אין וועלכע אסתר איז ארויס.)

**לעווין:** וואגהין

**רחל:** כ׳האָב געוואָלט...

**לעווין:** דו איילסט זיך?

**רחל:** כ׳האָב זיך נישט וואָס צו איילען.

**לעווין:** טאָ בלייב דאָ. דיך אַרט נישט, אַז כ׳רויכער?

**רחל:** (ענטפערט נישט)

**לעווין:** כ׳פרעג, דיך אַרט נישט, אַז כ׳רויכער?

**רחל:** פאַרוואָס זאָל עס מיך אַרן?

**לעווין:** דו הוסט דאָך.

**רחל:** אַ קליינער בראָנכיט.



**לעווין:** בראָנכיט — נאַ דיר נאָר. (אַ קורצע פּויזע. ער רויכערט) נו — יאָ. (פּויזע). יאָ, רחל, אַז דו זיצסט זיך דאָ אין דער בעקוועמער דירה, און טראַכסט זיך ווי ס׳לעבט זיך אַנדערע, קומסטו נישט ווילענדיג צו דער איבערצייגונג, אַז אונז איז געלונגען. דאָס האָט זיך אָבער נישט מיט איינמאָל איינגעגעבען. דו געדענקסט ווען כ׳בין אהערגעקומען און געזוכט אַ פּאָסטען אַלס רייזענדער, בוכהאַלטער, אָדער אַזוי עפּעס אַרבייט און כ׳האָב גאָרנישט געפונען. ווער וואָלט עס נעקאָנט דעמאָלט פאָראויס זאָגען, אַז כ׳וועל דאָ זיצען, אין מיין אייגען הויז אין אַ גרויס צימער מיט עלעקטרישע בעלייכטונג, מיט וואַנעס און די איבריגע בעקוועמליכקייטען... נישט אמת?

**רחל:** יאָ...

**לעווין:** הייסט עס, אַז אין דער הינזיכט האָבען מיר זיך נישט צו בעקלאָגען, נאָר, רחל, מיר ווערען עלטער... נעגען דעם קאָנסטו גאָרנישט טון... ס׳קומט אַ נייער דור, פרישע געשעפטען, און ווער ווייס וואָס ס׳וועט זיין. דו ווייסט דאָך, אַז פון ניי יאָהר אן האָב איך צוגענומען מיינעם אַלס פערוואַלטער, און כ׳האָב איהם דערלענגט צום געהאַלט. כ׳האָב עס געטון כדי איהם מעהר צו צובינדען צום קאָנטאָר, אָבער זיין אַ פערוואַלטער דאָס איז זיך נומער איינס, און האָבען פאַר זיך אַ אייגען געשעפט איז נומער צוויי. מיר האָבען זיך היינט פונאַנדערגערעדט און מיר ווייזט זיך אוים, אַז ער פּלאַנט עפּעס געוויסע אויסזיכטען אויף שפּעטער... ער איז אַ יונגער מענש און זעהר טעטיג, און ער... בענקט וועגען אַ היים. האָב איך זיך בעקלערט צי איז נישט גלייך איהם צו צובינדען צו אונז און אין דער זעלבער צייט זיך צו איהם צו צובינדען... דאָס הייסט, שותפות... מיט איין וואָרט (איבעררייסענדיג) וואָס שווייגסטו?

**רחל:** וואָס זאָל איך זאָגען?

**לעווין:** שטענדיג האָסטו דאָך יאָ וואָס צו רעדען.

**רחל:** כ׳האָב דאָך דיר שוין געזאָגט, אַדאָלף, אַז אין געשעפטס-פערשטעהן איך גאָרנישט.

**לעווין:** געשעפט... געשעפט... דו ווילסט דאָך זיין

פערזארגט?

רחל: וועגען דעם טראכסטו?

לעווין: און, אז איך וועל נישט זיין און דו וועסט בלייבען אײנע אליין.

רחל: דערוויל, א דאנקען גאט, לעבסטו.

לעווין: און, אז כ׳וועל שטארבען?

רחל: בלייבט דאך מייער ביי אונז.

לעווין: יא, ווען ער זאל בלייבען.

רחל: מייער?

לעווין: מייער!

רחל: וואס הייסט דאס?

לעווין: דאס הייסט, אז... מייער האט ביי מיר הײנט געבעטען אסתרס האנד.

רחל: מייער?

לעווין: יא, מייער.

רחל: מייער און אסתר.

לעווין: יא... מייער און אסתר.

רחל: (שטעהט אויף) קיינמאל נישט.

לעווין: (געהט אויפגערעגט איבערן צימער) וואס הייסט דאס, קיינמאל נישט? סיקאן זיין, אז אסתר איז צו גוט פאר מייערן? אבער כ׳ערקלער דאך דיר, אז און מײערס הענד וועט מיין געלד געבען א גרעסערן פראצענט ווי ווען ס׳וואלט געלעגען אויף 4 פראצענטיגע פאפירען... אדרבא, פרוביר צו געפינען א בעסערן איידעם ווי מייער.

רחל: איך דארף נישט זוכען פאר דיר קיין איידעם.

לעווין: און איך האב שוין געפונען.

רחל: מיר דארפען גארנישט זוכען פאר אסתרן קיין מאן.

לעווין: און ווער האט דיר געגעבען א מאן?

רחל: דאס איז געווען א גאטס זאך.

לעווין: קאנסט זיך דען אויף עפעס בעקלאגען?

רחל: ניין, כ׳האב געלעבט ווי א פרינצעסין.

לעווין: א שעהנע פרינצעסין.

רחל: כ׳האב שוין עפעס ערגערס געזעהען. (פויזע) אסתר טאר נישט נעמען קיין מאן וואס זאל נישט פאסען צו איהר.



וואס ביזטו א שדכן? נישט איך און נישט דו דארפען מיר זיך אריינמישען. דאס איז אסתרס אנגעלעגענהייט.

לעווין: און מייער?

רחל: דו אליין מיט דיין מייערן...

לעווין: ער קאן אוועקגעהן.

רחל: מייער וועט נישט אוועקגעהן.

לעווין: און אויב יא?

רחל: זאל ער געהן. קאן זיין, אז דו ווילסט, אז איך זאל מיט איהם חתונה האבען?

לעווין: ביטע, אויב ער וועט נאר וועלען. (דער טעלעפאן קלינגט, ער געהט ביז אב צום שרייבטיש, רחל געהט ארום איבערן צימער) יא—א. איך בין ביים טעלעפאן... מיט וועמען האב איך די עהרע?... (ליבליבער) גוט מארגען ביטע, ביטע, וואס ווינשט איהר? (נעמט א בויגען פאפיר און פערשרייבט) 20,000 אבליגאציעס 4% יא, יא, ווייטער... און 25,000 דעפאזיטען 4%. מיט פערגניגען. יא, מייער וועט מארגען זיין אויף דער בורזע. זייט רוהיג, כ׳דאנק... ביטע... אויף ווידערזעהן! (הענגט אויף דאס רעהרעל).

רחל: אדאלף, איך זאג דיר, אז מיר זאלען זיך נישט אריינמישען אין דער זאך. אסתר וועט זיך אליין אויסקלויבען.

לעווין: אזוי... אווי... אליין?

רחל: יא.

לעווין: און די עלטערן דארפען זיך נישט אריינמישען?

רחל: ניין.

לעווין: גארנישט אריינמישען זיך?

רחל: איבעריהויפט, אז אסתר האט זיך שוין אויסגעקליבען.

(פויזע. רחל זעצט זיך)

לעווין: (דרעהט זיך פאמעליך אום צו איהר) אסתר האט זיך שוין אויסגעקליבען? וואס הייסט דאס? אסתר טוט דאס, אסתר טוט יענס, און איך ווייס גארנישט. איך זיץ מיר דא אין מיין שטול און פל־צ׳ונג געלדעסטו מיר, אז אסתר האט זיך שוין אויסגעקליבען א מאן, וואס איז דאס פאר׳א שפאס? (פויזע) ווער איז ער? (זי שווייגט, פויזע) דער

וויגנער הורש?

**רחל:** נײן.

**לעווין:** דאָקטאָר קאָהן

**רחל:** נײן.

**לעווין:** נו, אויסער זײ קומט דאָך צו אונז קײנער נישט אַרײן.

**רחל:** ער איז נאָך קײנמאָל בײַ אונז נישט געווען.

**לעווין:** ווער איז ער?

**רחל:** דו קענסט איהם נישט.

**לעווין:** איך קען נישט אַ יונגען יוד, וואָס האט זיך פערלאָבט מיט מײַן טאָכטער?

**רחל:** ער איז נישט קײן יוד.

**לעווין:** נישט קײן יוד... וואָס הײסט דאָס, ווער איז ער? איך פרעג דיך, ווער איז ער?

**רחל:** דאָקטאָר הערמינג.

**לעווין:** (קוקט אויף איהר דערשראָקען, לעהנט זיך אָן אויפ'ן טיש און ברעכט אויס אין אַ הויך געלעכטער) הערמינג...

**רחל:** אַדאָלף, אַדאָלף...

**לעווין:** (פערדעהט דאָס פנים מיט די הענד, נעמט דאָס פאַפּיר־מעסער און קלאַפּט דערמיט אין טיש. זײַן געלעכטער קלינגט איבער'ן גאַנצען צימער) הערמינג... הערמינג... כא... כא.. כא... (שטעהט אויף און ווארפט אַוועק דאָס מעסער) קײנמאָל נישט... קײנמאָל נישט... מײַן טאָכטער, מײַן טאָכטער... פערלאָבט מיט איינעם פון די הערמינגס. נײן, קײנמאָל נישט... (געהט צו צו דער פרויי) וואו איז אסתר? רוף זי דאָ אַהער... הערסט? (רחל זיצט ווײַטער. לעווין געהט צו צו דער לינקער טיר און רופט) אסתר... אסתר... (קעהרט זיך אום) איך פרעג, וואו איז אסתר?

**רחל:** אַוועקגעגאַנגען.

**לעווין:** (פערמאַכענדיג די טיר) קײנמאָל נישט... דאָס וועט קײנמאָל נישט זײַן. ווער סיזאָל נישט זײַן, נאָר ער נישט... (געהט ארום איבער'ן צימער, שטעלט זיך אָב) איך האָב אַ סך געהערט און געזעהען אין מײַן לעבען: שלעכטס, נידער־טרעכטיגקײט, יודענפרעסערײַ... נאָר, אַז מײַן אײגענע טאָכטער זאָל זיך פערלאָבען מיט אַ אויסוואורף... מיט אַ אויסוואורף'ים — אַ זיהן, קײנמאָל נישט... (געהט וואַקלענדיג צו זײַן טישעל און לאָזט זיך טרויריג אַראָב) איך בין 72 יאָהר אַלט, איך בענריים זיך נישט מיט איהם, נישט אין נאַס, נישט אויף דער בירזע. איך וואָלט זיך קײנמאָל נישט בעטײליגט אין אַ געשעפט, אין וועלכען ער וואָלט געווען פערמישט... אַז ס'וואָלטען געלעגען טויזענדער, צעהנער טויזענדער דאָ אויפ'ן טיש, וואָלט איך איהם קײנמאָל נישט אויסגעשטרעקט אפילו דאָס קלײנע פינגעל, און דאָ געהט מײַן טאָכטער חתונה האָבען מיט זײַן זוהן... ווי אַזוי זאָל איך נישט לאַכען? איך דאַרף פאַלען אויף די קניה אין דאַנקען גאָט... (לאָזט אַראָב דעם קאָפּ, בעדעקט דאָס פנים מיט די הענד) אַז מײַן פאָטער האט זיך אָנגעהויבען טרינקען, האט ער געבעטען הערמינג'ן, אַז ער זאל איהם פּראָלאָנגירען זײַן חוב, אָבער נײן, הי הערמינג האט געלאָזט פּראָטעסטירען דעם וועקסעל און צוגעפיהרט צו טאָן פּאָטער'ס אַרעסט. ער איז געווען בײַ אונז אין שטוב, געגעסען און געטרונקען, און אַלץ — צום טײַוועל... אַנטוישט... איך האָב געהאַט אַ שוואַ־קאָלעגע, אויך אַ הערמינג. מיר זענען געווען אויף „דו", נאָר ווען כ'בין געקומען צו איהם אָהן אַ פּרוטה פערשילדיגט אין חובות און געבעטען וועלכע ס'איז אַרבײט, האט ער מיך אויפגענומען אין זײַן פּראָכטפול קאָנטאָר, נישט בעטענדיג מיך זיצען, גערעדט אויף „איהר". „מיר דאַרפען נישט קײן יודען" — האט ער מיר געענטפערט, אויסדרעהענדיג זיך צו מיר מיט'ן רוקען און פערוויכערנדיג אַ פּאַפּיראָס — אדיע... ווי אַזוי האָב איך איהם נישט דערוואָרגט? איך האָב געציטערט פאַר אויפרעגונג און בעשלאָסען בײַ זיך: דעם דאָזיגען נאָמען וועל איך קײנמאָל נישט פערגעסען. דעם דאָזיגען נאָמען וויל איך קײנמאָל נישט קענען, און דאָס גאַנצע לעבען האָב איך איהם נישט געקענט... דאָס גאַנצע לעבען האָב איך זיך אין איהם נוקם געווען.



**רחל:** אָבער, אַדאָלף.

**לעווין:** און מײַן גאַנץ לעבען האָב איך דאָס געדענקט.

**לעווין:** און איצט, איצט? דו זיצסט זיך ווי ס'וואָלט גאָר־נישט געשעהען. האָסט מיר עפּעס דערצעהלט, אַז מײַן טאַטע האָט זיך פֿערלאָבט מיט אַ הערמינג. מיר זענען געוואָרען מחותּנים. איז עס נישט פֿערדראָסיג? הא? מאָרגען אויף דער בירזע וועל איך אָנקוקען דאָס אונטער־ענגליבע געזיכט. ס'קאָן זײַן, אַז ער וועט דערצעהלען אַלע באַנקירען, אַז ער האָט זיך משדך געווען מיט מיר, ס'וועט אונז אפילו גראַטולירען. פֿאַרוואָס גראַטולירט מען? איך וועל אפילו נישט קאָנען אַבווענדען אָדער מאַ־ן זיך, אַז כ'וויים פֿון גאָרנישט... זיי וועלען זיך אײַנאָרדנען אונטער אַ נײַע פֿירמע „לעווין און הערמינג". ווי אַזוי זאָל איך זיך נישט פֿרעהען? איך פּלאַץ פֿון געלעכטער... (לאָזט אַראָב דעם קאָפּ אויף די הענד)

**רחל:** (געהט צו צו זײַן שטול) אַדאָלף...

**לעווין:** אַך, יאָ... יאָ...

**רחל:** הער...

**לעווין:** לאָז מיך צו רוה... (פּויזע).

**רחל:** (שטעלט זיך נעבען זײַן שטול) אַדאָלף, לאָמיר דאָס רוהיג בעקלערען. דו מיינסט, אַז מיר איז עס אַנגענעהם, אָבער וואָס זאָל מען טון? די יונגעלײַט ווילען דאָס. מיר, די אַלטע, ווילען נאָר עפּעס אַנדערש, וואָס זאָל מען טון? זענען מיר דען נישט געווען יונג, און אײַנגעפּונען, אַז די אַלטע זענען אומגערעכט? מיר האָבען זיך אַנדערש אויפגעפֿיהרט — דעמאָלט איז דאָך אָבער געווען אַ אַנדערע צײַט. יאָ, די צײַט ענדערט זיך, און מ'קאָן זי נישט צוריק ציהען. נאָט איז מײַן עדות, אַז ווען איך אויף אסתּרס אָרט וואָלט געוואוסט וואָס פֿאַר'ע יסורים כ'פֿערשאַף דיר, וואָלט איך זיך אָבגעזאָגט... אָבער וואס בין איך דאָ שולדיג.

**לעווין:** איצט ביזטו גאָרנישט שולדיג.

**רחל:** איצט? און פֿריהער?

**לעווין:** ס'האָט נישט געדאַרפֿט פֿאַר מיר בעהאַלטען?

**רחל:** איך האָב נאָך נישט געוואוסט.

**לעווין:** האָסט נישט געוואוסט, אַז זי בעזוכט לעקציעס?

**רחל:** ווער בעזוכט עס איצט נישט קײַן לעקציעס?



**לעווין:** איינס פֿון בּיידע: אָדער אסתּר וועט זיך אָבזאָגען פֿון איהר חתן, אָדער זי זאָל די מינוט פֿערלאָזען מײַן הויז...

**רחל:** אַדאָלף...

**לעווין:** (דרעהט זיך אום אין שטול צום שרייבטיש) אַרוים...

**רחל:** קײַנמאָל נישט... (לעווין קוקט אויף איהר אומבעוועגליך) איך בין נאָך דאָ. איך זאָג, אַז כ'בין נאָך דאָ אין שטוב... (לעווין קוקט אויף איהר פֿערוואונדערט) און דאָרט וואו איך וועל זײַן, וועט אויך אסתּר זײַן.

**לעווין:** איהר זענט אַלע אַראָב פֿון זין... איך בין בעל־הבּית בײַ מיר אין שטוב...

**רחל:** איז דען אסתּר נישט מײַן קינד?

**לעווין:** וואָס פֿרעגסטו עס?

**רחל:** יאָ.. יאָ.. דו פֿרעגסט ווער ס'איז בעל־הבּית דאָ אין שטוב? און איך פֿרעג: איז דען אסתּר נישט מײַן קינד? דו ווילסט זי אַרויסוואַרפֿען אויפֿ'ן גאַס? נאַרישקייטען... אסתּר מעג יאָ געפֿעלען, אָדער נישט, נאָר אַרויסוואַרפֿען זי פֿון דער היים... אַזוי לאַנג ווי איך בין דאָ... נאַרישקייטען. דו מיינסט, אַז איך טו איהר אַ טובה? אָבער צי וואָלט איך אויסגעקליבען הערמינגען? דאָ האַנדעלט זיך דאָך אָבער נישט וועגען מיר און דיר, נאָר וועגען אונזער קינד, און אויב דו וועסט אפילו פֿאַר איהר פֿערשליסען אַלע טירען, וועל איך געפֿינען אַ שליסעל זיי צו עפֿנען.

**לעווין:** דאס וועלען מיר זעהען.

**רחל:** מיר וועלען זעהען. אַדאָלף, זײַ נישט קײַן קינד... כ'פֿערשטעה, אַז דו האָסט געטראַכט וועגן אַ אַנדערן איידעם, איך אויך אַזוי... לאָז זיך דיך דאַכטען, אַז ס'האָט אונז געטראָפֿען אַ אומגליק, נאָך וועלכען מ'מוז זיך בערוהיגען. איך וואָלט מײַנע לעצטע טעג אַוועקגעגעבען, אַז דאס זאָל נישט טרעפֿען, נאָר האט עס שוין געטראָפֿען, און דאס קינד, אונזער קינד, זעהט אין דעם איהר גליק...

**לעווין:** גליק...

רחל: יא, גליק — און מיר דארפֿן צושטימען.

לעווין: דו — יא.

רחל: און דו אויך.

לעווין: קיינמאל נישט...

רחל: קאנסט דען עפעס אנדערן?

לעווין: מיר וועלען זעהען

רחל: דו אלין מיט דיין „מיר וועלען זעהען", „מיר וועלען זעהען" — אפשר קאן לעווין געזעץ זיך פערלאזען אהן דיין צושטימונג?

לעווין: ווער רעדט וועגען געזעץ?

רחל: איך פרעג נאר.

לעווין: וואס בין איך דען א יוריסט?

רחל: אלזא, זי קאן זיך פערלאזען. טא וואס ווילסטו? אנדערן שטרענגע מיטלען? וועט זיך דען אפשר דערמאלט יא אבזאגען פון איהר בעשלוס? איך האב מיט איהר גערעדט, געבעטען, געוויינט... זי האט אבער ניט געוואלט אבטרעטען. דו רעדסט וועגען יענער צייט ווען מיר זענען יונגע געווען. און דיין פאטער איז געווען צופֿרידען פון אונזער שידוך? איך בין געווען א ארים מיידעל, און איהר זענט דערמאלט געווען רייך. אלעס־פאלס האט מען אזוי געשטועסט. ס'קאן זיין, אז ווען די וואלסט חתונה געהאט מיט א פֿיילין הערטזינג, וואלט מען זי אויך אנגענומען.

לעווין: האט מען דיך שלעכט אויפגענומען?

רחל: דיין פאטער האט מיר געזאגט „זאל דיר גאט העלפען, מיין קינד, אויב ס'קאן שוין אנדערש נישט זיין".

לעווין: דער פאטער וואלט נישט איינגעלעגען אין קבר, ווען ער וואלט געהערט וואס ס'קומט דא פאר.

רחל: אין קבר ליגען אלע רוהיג.

לעווין: דו ווייצעלסט זיך נאך.

רחל: איין נאט איז א צרות וויפיל טרעהרען איך האב פערגאסען אין די לעצטע נעכט, ווען דו שלאפסט, וואס וואלט איך נישט געטהון, כדי אלין אויסצובעסערן? אבער וואס האבען מיר א הויז די קינדער? צו וואס טויג אונז אלין: דאס געשעפט, געלד, הויז, אויב מיר וועלען נישט



האבען די קינדער? דו טראכטסט צו פערטרייבען אסתר'ן, פערשטעהסטו דען אליין נישט, אז דאס איז א אומגליק? וואס וועט דיר דערמאלט בלייבען? וואס וועט מיט מיר זיין? מיר וועלען דא זיצען, מיר אלטע, אין דאס קינד וועט דארט ערגעץ וואו זיין אזוי אומגליקליך ווי מיר. יא, איך ליב מיינע קינדער — כ'האב זעהר גארנישט אויסער זיי. וואו איך בין — דארט זענען זיי, וואס איך האב — געהערט אויך זיי. געפעלט עס אונז, אדער נישט — טראכטען. מיר אזוי, אדער נאר פערקעהרט, איך וויל נאר איינס וויסען: איך וויל זי האבען נעבען זיך, האלטען זי, זיין צוזאמען מיט איהר. אדרבה, אזוי לאנג ווי מיר זענען צוזאמען — ווער ווייס ווי לאנג מיר וועלען נאך... (ס'קלינגט, זיי קעהרען זיך אום, שטעהען א סעמונגדע, דערנאך געהט די אלטע ארוים. ס'הערען זיך די שטימען פון יאקוב, הונא און שרה.)

לעווין: (געהט אויפגערעגט ארויף און אראב. ס'קלאפט אין מיר — ער שטעלט זיך פלוצלונג אב און בעהערשט זיך) אריין!

## 4=טער אויפטריט.

## לעווין, יאקוב, הונא, שרה.

יאקוב: (קומט אריין) א גוט מארגען... (לאזט אריין שרה'לען, זי לויפט צו צו לעווינ'ן און זאגט „גוט מארגען". לעווין בייגט זיך איין און קושט זי, נאך יאקוב'ן קומט אריין הונא און פערמאכט די טיר. שרה'לע לויפט אויף לינקס און שרייט „באבעשי")

הונא: א גוט מארגען, פאפא...

לעווין: א גוט מארגען. מיין זוהן.

הונא: וואס מאכסטו?

לעווין: א דאנק.

יאקוב: א דאנקען גאט... א שעהן וועטער. הונא איז ביי מיר אבגעשטעטן און מיר האבען א ביסעל שפאצירט. וואס זאל מען טון זונטאג? דינה האט א קאטאר (זעצט זיך) ווי אנגענעהם דא איז... מיין קאבינעט איז ניין אויף צען,

לעדערן מעבעל פאר 2700. כ'האב געפרובט אריינשטעלען א מאפע אזוי אדער אזוי, כ'האב איבערגעדרעהט די שטולען, נאר אזא אנגענעמליכקייט ווי דא קאן איך נישט דער-גרייכען.

הונא: און דו וועסט נישט דערגרייכען.

יאקוב: איך פרעג דיך נישט... דו האסט דען ערפונדען די אנגענעמליכקייט?

הונא: ניין.

לעווין: (געהט אויף און אב, פלוצלונג שטעלט ער זיך אב) איהר האט שוין געענדיגט? קאן איך איצט עפעס רייד ען? א דאנק. (צו יאקוב'ן) אז דו וואלסט געוואוסט וואס ס'קומט דא ביי אונז פאר, וואלסטו זיך נישט געלעגען אזוי רוהיג און גערעדט וועגען זאפעס... (זעצט זיך און לאזט אראב דעם קאפ)

הונא: } (ליפען צו) פאפא, וואס איז דען?
יאקוב: } (איהם צו) נאט מיינער, וואס איז דא געשעהען?

לעווין: (הויבט אויף דעם קאפ און קוקט אויף זיי) אסתר האט זיך פארלאבט מיט א קריסט.

הונא: אסתר?

יאקוב: מיט וועמען?

לעווין: מיט'ן הער הערמיננ, מיט'ן געהיימראטס-זוהן... (געהט הינדער ארום)

יאקוב: מיט'ן געהיימראטס-זוהן... זי איז אראב פון זין...

הונא: יאקוב, שווייג...

יאקוב: דאס איז אונמעגליך...

## 5-טער אויפטריט.

### די פריהעריגע, רחל.

רחל: (קומט שנעל אריין פון לינקס) זיי זענען געקומען, כ'האב זיי געזעהען דורכ'ן פענסטער...

לעווין: ווער?



רחל: אסתר מיט איהר חתן.

לעווין: געה איך אוועק (געהט צו דער טיר).

רחל: אדאלף...

יאקוב: זעלבסטפערשטענדליך, אז דער פאפא מוז אוועק-געהן.

הונא: זעלבסטפערשטענדליך, אז דער פאפא דארף נישט אוועקגעהן... (לעווין שטעלט זיך אב) דאס וואס ס'האט פאסירט, קאן זיין זעהר טרויריג, נאר די פערזאן, וועלכע קומט איצט דא אריין, האט דאך אונז קיין שלעכטס נישט געטהון. ער קומט צו אונז אלס גאסט, און האט דאס רעכט צו האפען אויף אונזער גאסט-פריינדליכקייט.

לעווין: אפשר דארפען מיר איהם נאך דאנקען פאר'ן כבוד, ווארפען זיך איהם אויפ'ן האלז?

יאקוב: יא, אפשר זיך ווארפען איהם אויפ'ן האלז?

רחל: יאקוב, זיי שטיל.

הונא: קיינער דארף זיך איהם נישט ווארפען אויפ'ן האלז, איהר דארפט נאר דא בלייבען, אכטרין צוליב... צוליב זיך אליין... דער גאסט דארף נישט אוועקגעהן און ארומ-טראגען וועגען אונז א שלעכטע מיינונג. איך בלייב... דו, יאקוב, וועסט דאך אויך בלייבען? מיר זענען דאך אסתרס ברידער... און דו, פאפא, דארפסט אויך...

(מ'הערט א קלינג)

לעווין: (געהט צו צו דער לינקער טיר)

רחל: אדאלף, דו הערסט?

לעווין: דו זעהסט דאך, אז איך הער.

הונא: פאפא, דו דארפסט נישט אוועקגעהן. דו ביזט א ערצויגענער מענש, און נאר אונערצויגענע מענשען קאנען זיך אזוי אויפפיהרען.

לעווין: בלייבט עס, אז איך געהער צו זיי (אב אין דער לינקער טיר)

(אלע שטעהען שווייגענדיג און קוקען אויף דער איינגאנגס-טיר.

ס'קומען אריין דאקטאר יערמען הערמינג, נאך איהם אסתר).

## 6=טער אויפטריט.

### די פריהערדיגע (אהן לעווין), יערמען אסתר.

**אסתר:** מיין חתן... מיין כוטער...

**יערמען:** (געהט צו נענטער און דריקט שווייגענדיג דער אלטער׳ס האנד)

**אסתר:** מיין ברודער הונא.

**הונא:** (געהט צו און דריקט יערמענ׳ן די האנד)

**אסתר:** מיין ברודער יאקוב.

**יאקוב:** (פערנייגט זיך שווייגענדיג פון זיין ארט)

(פויזע)

**רחל:** ביטע, זיצט.

**יערמען:** כידאנק.

(אלע זעצען זיך, אויסער יאקוב׳ן, וועלכער שטעהט ביים שרייבטיש און מאכט זיך קוקען אויף די פאפירען. פאמענטענווייז ווארפט ער א בייזען בליק אויף הונא׳ן).

**יערמען:** איהר מוזט מיר ענטשולדיגען, מאדאם לעווין, איך האב נאך נעכטען געוואלט קומען, נאר נעכטען איז געווען שבת און אסתר האט געזאגט, אז ס׳איז נישט בעקוועם. היינט אבער איז זונטאג – א אלגעמיינער יום-טוב, אזוי צו זאגען, א טאג פון רוה...

**רחל:** יא, א טאג פון רוה.

**הונא:** צום בעדויערן האט פאפא געמוזט אוועקגעהן אויף א וויכטיגע זיצונג. איהר וועט דאך אונז דערפאר ענטשולדיגען?

**יערמען:** ס׳מאכט נישט אוים. (פויזע. אסתר געהט נערוועז צו צום פענסטער, יערמען קוקט זיך ארום, יאקוב קוקט איהם נאך) ווי אינגענעהם דא איז... אסתר פלעגט מיר אזוי אפט דערצעהלען פון אייער היים. איך בין נאך קיינמאל נישט געווען אין קיין יודיש הויז... ד. ה. ביי יודען, אייגענטליך, בין איך געווען, נאר...

**יאקוב:** (פלוצלונג) נישט אמת, א יוד צו א יוד איז נישט גלייך?



**אסתר:** (ווארפט אויף איהם א בייזען בליק און געהט אוועק פון פענסטער)

**יערמען:** (קורץ) פערשטעהט זיך.

**רחל:** דעם אמת געזאגט, זעה איך נישט קיין שום אונטערשיד – כיטויין, און מעבעל. כיבעכען, אז ביי אונז איז אזוי ווי ביי אנדערע... ס׳קאן זיין, אז ס׳איז ביי אונז אביסעל נישט מאדערן, נאר איהר מוזט געוויס מיינען א אונטערשיד אין...

**הונא:** אין כטיל.

**יערמען:** ריכטיג.

**רחל:** קאן זיין... (פויזע. אלע קוקען זיך ארום, אויסער אסתר, וואס איז צוגעגאנגען צום שרייבטיש, און קוקט אויף אלעמען בייז. פלוצלונג קעהרט זי זיך אום און צוברעכט א גלאז. די אלטע שפרונגט אויף) וואס איז?

**אסתר:** גארנישט. (הייבט זיך אויף)

**רחל:** הערטיגג, איהר וועט טרינקען א גלאז ווייך?

**יערמען:** כידאנק.

**אסתר:** כיברענג שוין אריין.

**רחל:** ניין, לאז אב, איך אליין... (אב אין דער טיר פון הינטערגרונד)

## 7=טער אויפטריט.

### די פריהערדיגע, (אהן רחל).

**יערמען:** (צו יאקוב׳ן) איך האב, דאכט זיך, אייך געטראפען און נאס, הי לעווין?

**יאקוב:** (קורץ) קאן זיין.

(פויזע. איינער קוקט אויפ׳ן אנדערן)

**הונא:** דאכט זיך, אז איהר לעזט וועגען דער געשיכטע פון דער קולטור?

**יערמען:** איך לעז איצט א לעקציע וועגען דער יודישער ליטעראטור פון מיימונ׳ן ביז מענדעלזאהנען.

**יאקוב:** (קעהרט זיך ליבליך אום)

יערמען: די היסטאָריע פֿון יודישען פֿאָלק האָט מיך שטענדיג אינטערעסירט. (שמייכלענדיג) און דער דאָזיגער אינטערעס האָט זיך איצט נאָך פֿערשטאַרקט אַדאַנק דער בעקאַנטשאַפֿט מיט אסתר'ן. (דריקט איהר האַנד, זי דרעהט זיך צו איהם אויס מיט'ן רוקען) די גלויבסט עס ניט, אסתר?

אסתר: איך האָב גאָרנישט געהערט. (געהט צו איהם צו. אין דעם מאָמענט קומט רחל אַריין מיט פֿערבייסען און פֿלעשלעך, נאָך איהר שרה'לע.)

## 8-טער אויפֿטריט.

### די פֿריהערדיגע, רחל, שרה'לע.

רחל: בעגרים זיך מיט'ן פֿעטער..

שרה: (גיט יערמענ'ן די האַנד)

רחל: די רעכטע האַנד... פֿערגיס זיך..

שרה: (מאַכט אַ רעווערענס)

יערמען: ווי רופֿט מען דיך, מיין קינד?

שרה: (בעהאַלט זיך הינטער דער באָבע'ן)

יאקוב: ווי הייסטו?

שרה: שרה.

יערמען: שרה... וואָס פֿאַר אַ טייער קינד... (צו שרה'ן) איך האָב ליב אַזעלכע מיידעלעך ווי דו (צו הונאָ'ן) דאָס איז אייערע?

הונא: ניין, צום בעדויערן.

יאקוב: דאָס איז מיינס, די עלטסטע, כ'האָב נאָך. (אַלע לאַכען)

רחל: ביטע... (אַלע נעמען גלעזלעך) אויף אייער געזונד.

יערמען: אַדאַנק.

שרה: איך מעג אָנקלאַפּען?

יערמען: יאָ, קינד. ווילסט אָנקלאַפּען מיט מיר? (קלאַפּען אָן) ווילסט מיר געבען אַ קוש?

שרה: יאָ.



(ער הויבט זי אויף. אין מאָמענט ווען, אויפֿ'ן אַלגעמיינעם געלעכטער, ריהרט דאָס קינד אָן זיינע ליפּען, עפֿענט זיך די טיר פֿון ליבנקס און לעווין קומט אַריין, אָנגעטון אין פֿראַק. אַ שטיל-שווייגען).

## 9-טער אויפֿטריט.

### די פֿריהערדיגע, לעווין.

הונא: הערר הערמאַנג — אסתרים חתן... מיין פּאַפּאַ... בעגריסען זיך, אַלע בלייבען שטעהן)

רחל: מיר האָבען געמיינט, אַז דו ביזט ניט אין דער היים.

לעווין: ניט אין דער היים?

הונא: יאָ, מיר האָבען אַזוי גערעכענט.

לעווין: ווען ס'קומט צו מיר אַ גאַסט?! איך בין אַ ערצויגענער מענש...

רחל: אַהנגיסען דיר ווייַן, אַדאָלף?

לעווין: איהר מוזט מיר ענטשולדיגען, נאָר איך טרינק ניט... (פּויזע. מיט אַ לייכטע האַנד-בעוועגונג) פֿאַרוואָס זעצט איהר זיך ניט? (אַלע זעצען זיך)

יערמען: כ'האָף. אַז כ'האָב אייך ניט געשטערט?

לעווין: זונטאג שטערען?

יערמען: כ'מיין ווענען דער זיצונג.

לעווין: ווענען וועלכער זיצונג?

הונא: ווענען דער זיצונג פֿון וועלכער דו ביזט געקומען.

לעווין: אַך, יאָ, ריכטיג. ניין, ניט געשטערט. (קורצע פּויזע) איהר לעזט לעקציעס ווענען קולטור?

יאקוב: הערר הערמאַנג האָט דאָ דערצעהלט, אַז ער לעזט לעקציעס ווענען דער קולטור פֿון יודישען פֿאָלק. ניט אמת, דאָס איז אינטערעסאַנט.

לעווין: זעהר אינטערעסאַנט. ערלויבט מיר צו וויסען ווי אַלט איהר זענט.

יערמען: 30.

**לעווין:** איהר קענט געוויס מיין זוהן –, ער איז א דאָקטאָר.

**הונא:** העדר הערמינג איז דאָקטאָר־פילאָזאָפיע און פּריוואַט־דאָצענט אין אוניווערזיטעט.

**לעווין:** א געלעהרטער, הייסט עס?

**ירמען:** אויף וויפיל מיינע פעהיגקייטען ערלויבען עס.

**לעווין:** מיט דער צייט וועט איהר ווערען א פּראָפעסאָר?

**ירמען:** כ׳האָף.

**לעווין:** יאָ, יאָ. (קוקט אויף איהם) אַזוי ווי איהר אינטערעסירט זיך מיט יודישער היסטאָריע, ווילט איהר אפשר נעהמען א קוק אויף דיזע בילדער? דאָס זענען מיינע פערשטאָרבענע עלטערן.

**ירמען:** זעהר אינטערעסאַנטע געזיכטס־ציגען.

**לעווין:** איהר מיינט?

**ירמען:** אבתר, דו ביזט עהנליך צו דיין באָבע׳ן.

**אסתר:** דו לאַכסט?...

**רחל:** אמת, ערשט איצט זעה איך עס.

**יאקוב:** אמת, עהנליך.

**לעווין:** זי קאָן דערמיט צופרידען זיין.

**ירמען:** העדר לעווין, אייער פאָטער איז געוויס אויך געווען א קאָמערסאַנט? ער זעהט אויס ווי א סאָלידער סוחר פון פערגאַנגענעם יאָהרהונדערט.

**לעווין:** מיין פאָטער איז געוועזן סוחר אין גאָרזענם.

**ירמען:** גאָרזענם? מיר זענען אויך פון דאָרטען. איהר קענט אפשר אונזער פאַמיליע?

**לעווין:** אַביסעל, יאָ.

**ירמען:** דאָס איז אינטערעסאַנט... (קוקט זיך ארום צופרידען אלע שווייגען).

**רחל:** נאָך א גלאָז?

**ירמען:** ניין, כ׳דאַנק. (זוכט מיט די אויגען אסתר׳ן. אין פערלויף פון שמועס געהט זי צו צום פענסטער. אלע זיצען מיט אראָב־געלאָזטע קעפּ, שווייגען. ירמען שטעלט זיך פאַמעליך אויף.) ענטשולדיגט, נאָר כ׳מוז שוין... (אלע שטעלען זיך אויך אויף)



**רחל:** איהר מוזט אויסטרינקען אייער ווײַן.

**ירמען:** כ׳דאַנק. (נעמט זיין גלאָז. הונא, יאקוב און די אלטע נעמען זייערע גלעזער) כ׳דאַנק פאַר דער אויפנאַמע. נאַטירליך רעכען איך נישט, אז איהר זאָלט מיך האָבען דערקענט באַלד פון ערשטען מאָל. איך האָב נאָר געוואָלט, אַזוי געזאָגט, זיך ווײַזען. אָבער איך האָף, אַז מיר וועלען נעהנטער ווערען איינער צום אַנדערן, פון וואָס כ׳וועל זיין זעהר צופרידען.

**לעווין:** זעהר אַנגענעם. (אלע טרינקען. שרה׳לע זופּט פון רחל׳ס גלאָז. ירמען געזעגענט זיך)

**אסתר:** איך וועל דיך בעגלייטען.

**ירמען:** כ׳דאַנק. (גיט לעווינ׳ן די האַנד) אַדיע, העדר לעווין.

**לעווין:** אַדיע, העדר הערמינג.

**ירמען:** אַדיע, מאַדאַם לעווין.

**רחל:** אַדיע, א דאַנק פאַר׳ן בעזוך.

**ירמען:** (צו יאקוב׳ן) אויף ווידערזעהן.

**יאקוב:** אייער בעקאַנטשאַפט איז מיר זעהר אַנגענעם.

**ירמען:** (צו הונא׳ן) צום ווידערזעהן...

**הונא:** צום ווידערזעהן.

**ירמען:** (וויל געהן)

**שרה:** (לויפט איהם נאָך) אַדיע.

**ירמען:** אויף ווידערזעהן, שרה... מיר בלייבען חבר פריינד?

**שרה:** יאָ. (אלע לאַכען, זי בעהאַלט זיך ביי רחל׳ן)

(אסתר און ירמען געהען ארוס. שווייגען. אלע בלייבען אויף זייערע ערטער)

## 10־טער אויפטריט.

### די פריהערדיגע, אָהן אֶסתר און ירמען.

**יאקוב:** נו?.. (שווייגען) א זעהר ליבליכער מענש: (שווייגען)

**הונא:** (גיט איהם א צייכען, אז ער זאָל שווייגען)

לעווין: (קוקט אויפ׳ן זייגער, הויבט זיך פלוצלונג אויף, געהט צו צום שרייבטיש, נעמט ארויס פון שופלאָד א בוך געבונדען אין געלד, און גיהט צו דער איינגאַנג=טיר)

רחל: דו געהסט אַוועק?

לעווין: יאָ.

רחל: וואוהין?

לעווין: אין סינאַגאָגע.

רחל: (שטיל צו די זיהן) בעגלייט דעם פּאָטער

הונא: פּאַפּא, איך געה מיט דיר.

לעווין: דו?

יאקוב: איך אויך.

רחל: טאָ זאָל שרה׳לע דאָ בלייבען ביז איהר וועט צוריקקומען.

לעווין: (געהט ארויס אין קאָרידאָר)

יאקוב: מאַמא, וואָס זאָגסטו?

רחל: וואָס זאָל איך זאָגען?

הונא: ווי איז דיין מיינונג?

רחל: ס׳איז גאַניץ ווענינ וואָס איך טראַכט.

יאקוב: ער האָט געקושט דאָס קינד, אָט דאָס געפעלט מיר.

לעווין: (אין טיר, אָנגעטאָן דעם פּאַלטאָ) איהר געהט?

יאקוב: יאָ, יאָ. (קושט די מוטער) אַדיע, מאַמא.

הונא: (דאָס זעלבע) אַדיע.

רחל: (בעגלייט זיי ביז צו דער טיר, האַלטענדיג שרה׳לען פאַר׳ן האַנד, שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. דערנאָך זעצט זי זיך אויף א שטול נעבען טיר און צודריקענדיג צו זיך דאָס קינד, זאָגט זי:) אזוי איז עס... מיין טייערע, ליבע שרה׳לע...

פאָרהאַנג

# דריטער אקט.

געהייטראַט הערמינג׳ס רייכער קאַבינעט.

אין מיטען צימער, אין א וואַנס=מצענע א טיש, א סאָפע און לעדערנע שטולען. פאָרנט, לינקס א גרויסער אַמעריקאַנער טיש פון רויט האָלץ און א באַנק. רעכטס א רויכער=טישעל און קליינע שטולען. ביי דער לינקער וואַנד א שאַנק פאַר סיגאַרען און ליקער. טיף אראָב א דאָפּעל גלאָז=טיר, פערהאַנגען מיט פּאַרטיערען. אז מ׳עפענט די טיר, זעהט מען דאָס עס=צימער.

אָווענד. די עלעקטריע ברענט. שפּיגעלעך און קליינע לעמפּעלעך זענען צושטעלט אויפ׳ן שרייב און רויכער=טישעל.

ביים אויפהייבען דעם פאָרהאַנג פאַרווירט די דינסט דעם טיש צום קאַווע.

אויפ׳ן טיש: א פּיראַמידע, גלעזלעך, טעלער א. ד. ג.

אביסעל שפּעטער ברענגט אריין דער לאַקיי, אין א ליווריע, קאַווע, צוקער און פּלומען.

## 1=טער אויפטריט.

### די דינסט, לאקיי.

**די דינסט:** יעמסען, שטעלט דאָ אהער די פּיראמידע.

**לאקיי:** (שטעלט זי אויפ׳ן שרייב-טיש)

**די דינסט:** און נעמט אַ קוק אויב זיי וועלען באַלד אָבעסען מיטאָג.

**לאקיי:** (עפֿענט די פּארטיער און קוקט אריין אין דער גלעזערנער טיר) מינוט שוין דעם קאָמפּאָט. (דרעהט זיך אום) כיקאָן נישט זאָגען, שפּעהנע נעמט צום מיטאָג.

**די דינסט:** (שטיל) יאָ, שוין איינמאָל נעמט. דער הער האָט געמיינט, אַז ס׳איז נאַרישקייטען ס׳וועט אריבער, נאָר אויב ס׳האָט שוין פֿערבעטען די אַלטע, איז שוין די זאַך ערנסט.. און ס׳איז זיי קיינעם נישט וואויל. (ס׳הערט זיך א גערויש פֿון אָבגערוקטע שטולען און א געשפּרעך)

**לאקיי:** שש... מגעהט...

**די דינסט:** יעמסען, רוימט צו די פּיראמידע...

**לאקיי:** (געהט שנעל צו צום שרייבטיש און שטעלט זיך אוועק גלייך)

**די דינסט:** (פֿאָרעט זיך אַרום טיש)

## 2=טער אויפֿטריט.

### די פֿריהערדיגע, אָסתר, הערמינג, (באַלד דערנאָך) לעווין. און רחל.

**אסתר:** (קומט שנעל אריין, אויפֿלאָזענדיג הינטער זיך די טיר, געהט שנעל און נערוועז צו צום טיש) אַדאַנק... כ׳בין אַליין.

**די דינסט:** (געהט אָב לינקס, ווארפֿט זיך איבער מיט א וואונק מיט׳ן לאקיי)

**הערמינג:** (קומט אריין, געהט צו צום רויכער-טישעל) איצט וועלען מיר אויסרויכערן אַ סיגאַר און טרינקען אַטאָס קאַווע. (צום לאקיי) דע-לאַנג, (צו אסתר׳ן) נים מיר אָן, טאַערע.



קאַווע, צוויי שטיקלעך... אַדאַנק... (ביים טישעל) מ׳רין זעהען וואָס פֿאַר׳ע מינאַרען מיר האָבען. (זוכט)

(די לעווינ׳ס קומען אריין, זיי האלטען זיך איינער נעבען אנדערען, אביסעל איבעראשט פֿון מיטאג. ער אין פֿראַק, זי אין א שווארץ זיידען קלייד מיט א רידיקול אין האנד. זיי קוקען זיך ארום מיט בעוואונדערונג און איראָניע. ווען אסתר געהט צו זיי צו מיט׳ן קאווע, שטעלען זיי זיך אָב. דער לאקיי שטעהט אונבעוועגליך)

**לעווין:** (נייגענדיג מיט׳ן קאָפּ, צום לאַקיי) אַ גוטען אָוועַנד...

(דער לאקיי שטעהט אונבעוועגליך, לעווין ווייזט אויף איהם אָן מיט די אויגען צו זיין פֿרוי. נעמט צוקער) גיב נאָר אַ קוק אויף איהם.

**אסתר:** פּאַפּא, דאָ איז אַ צוועגנגעל.

**לעווין:** אַדאַנק, איך האָב אַ אייגען צוועננעל (נעמט נאָך א שטיקעל.)

**אסתר:** מאמא, גיב מיר דיין האַנד-אַרבייט.

**רחל:** דאָס איז מיין איינענע אַרבייט.

**אסתר:** מאמא, געהסט דען דאָ אַרבייטען?

**רחל:** מ׳טאָר דען נישט?

**הערמינג:** נו... זעצט זיך אויפֿ׳ן סאָפֿע און מאַכט אייך בעקוועם...

**אסתר:** (געהט צו צום טיש, מאַכט אַלץ אין אָרדנונג)

**הערמינג:** (שטעלט אויפֿן טיש אַ קעסטעל מיט סיגאַרען)

**לעווין און רחל:** (געהען צו מיט זייערע טאַסען קאווע צו דער סאָפֿע און זעצען זיך)

## 3=טער אויפֿטריט.

### די פֿריהערדיגע, (אָהן דער דינסט) פֿרוי הערמינג, יערמען.

**פֿרוי הערמינג:** (קומט אַריין, אָנהאַלטענדיג ביים האנד איהר זוהן. זי זעהט קרענקליך אוים)

**אסתר:** (געהט צו און העלפֿט איהר)

פרוי הערמינג: אַדאַנק, אַדאַנק, טײַערע.

אסתר: (גיט אַ צייכען דעם לאַקיי, אַז ער זאָל אָנגיסען קאַווע.)

פרוי הערמינג: ניין, ניין, אַדאַנק, מײַן קינד. דער פּראָפעסאָר האָט מיר אַלס אויסנאַם ערלויבט צו זיצען הײַנט ביז 9 אין אָוועגד. איך טאָר אָבער גאָרנישט עסען, אויסער לײַכטע שפּײַזען, און קײַן קאַווע טאָר איך אין מויל נישט נעמען.

הערמינג: וואָס רויכערט איהר, לעווין?

לעווין: וואָס מיגיט, הי געהיימראַט.

הערמינג: די איז זעהר אַ לײַכטע סיגאַר. די איז די בעסטע, און די איז די טײַערסטע.

לעווין: וועל איך נעמען די טײַערסטע. (נעמט אַ סיגאַר).

הערמינג: (צינדט אָן אַ שוועבעלע, גיט איהם צו פעררויכערן און רויכערט אַליין)

אסתר: (געהט צו צו הערמינג'ן און דערלאַנגט איהם אַ טאָס קאַווע)

יערמען: דו ביזט צופרידען, אסתר?

אסתר: פאַר־וואָס זאָל איך נישט זײַן צופרידען?

יערמען: וואָס הײַסט, פאַרוואָס?

אסתר: (געהט פון איהם אַוועק)

יערמען (קוקט איהר נאָך, דערנאָך ווענדעט ער זיך צום לאַקיי, אַז ער זאל איהר אנגיסען קאַווע)

אסתר: (לאָזט אראָב די פּיראַמידע)

פרוי הערמינג: אַך, אסתר...

רחל: (קוקט דורך די ברילען אויף אסתר'ן)

הערמינג: (געהט צו צום שענקעל, בעקוקט און נעמט אַרויס ליקער און קערשען־וואַסער, גיט דעם לאַקיי אַ צייכען צום אבנעהן, געהט צו צו לעווינ'ן און לעגט איהם פאָר) קיראַסאָ... ראָם... קאַקאָ?

לעווין: גיסט אײַך אַלײַן איין, ליבער הערר געהיימראַט.

(אַלע לאַכען אויסער אסתר'ן, וועלכע האָט זיך געזעצט אין אַ זייט)

הערמינג: אײַך, פרוי לעווין?



רחל: זאָל נאָך היטען.

הערמינג: אַ קלײַן גלעזעל מוזט איהר אויסטרינקען.

רחל: נאָר צוויי טראָפּען זיסען... אַ דאַנק... אוי, ווען נישט מײַן בראָנכיט...

לעווין: (שאָקעלט בייז מיט'ן קאָפּ) בראָנכיט...

פרוי הערמינג: אַך, דער בראָנכיט. (ביידע הוסטען שטיל און זאָגען: „אַך", „אוי". קורצע פּויזע)

רחל: וואָס פאַר אַ בעקוועמע וואוינונג איהר האָט.

פרוי הערמינג: יאָ.

רחל: ווי גרויס איז אייער עס־צימער?

פרוי הערמינג: 12 אויף 12 1/2.

רחל: פּסס... (פערוואונדערט) דו הערסט, אַדאָלף?!

לעווין: יאָ, כ'הער. (פּויזע)

הערמינג: לעווין, איהר אינטערעסירט זיך טאַקע בילדער?... נאָך אַקוק...

פרוי הערמינג: הערמינג, לאָז צו רוה.

הערמינג: טע... טע... נאַרישקייטען. (הויבט אויף די לאָמפּ) ווי געפעלט אייך דאָס בילד?

לעווין: זעהר שעהן.

הערמינג: און איהר, פרוי לעווין, ווילט גאָרנישט אַ קוק טאָן?

פרוי הערמינג: בילדער... בילדער...

רחל: (געהט צו נעהנטער) דאָס איז דאָך אַ הויף פון בהמות.

הערמינג: דאס איז זעהר טײַער – 7000 קראָן, מײַן ליבע פרוי לעווין. גאָטעניו!

הערמינג: גיט דא אַקוק, לעווין. (געהט לינקס, לעווין נאָך איהם) אַ בילד פון ים, האַ? (אנגווייזענדיג) טאַרשטראַם – די סודות פון דער נאַכט, דער ערשטער עסקיז.

לעווין: (בעקוקט דאָס בילד און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ)

אסתר: (געהט צו צו יערמענ'ן, שטיל) לאָמיר אַרײַנגעהן אין דײַן צימער.

יערמען: אסתר, ס'איז נישט שעהן אַוועקצוגעהן.

הערמינג: שוי, ווגג געשטאָרבען.

רחל: (מיטפיהלענדיג) אַך...
וערמען: וואָס איז דיר, אסתר?
אסתר: קום.
יערמען: אָבער זאָג, וואָס איז דיר?
אסתר: איך פיהל זיך אַזוי... אַזוי...
יערמען: וואָס?
אסתר: אַך... (געהט פון איהם אוועק)
יערמען: (געהט צו צו דער מוטער)
הערמיננ: רעד, אויך יונג געשטאָרבען.
לעווין און רחל: (צוזאַמען, מיטפיהלענדיג) אַרימער...
יערמען: מאַמא, איך גייה מיט אסתרין אַ־ביסעל אויף איין מינוט
אין מיין צימער.
הערמיננ: יאָ, קינדער, געהט, געהט... בלייבט.
פרוי הערמיננ: נאָר קומט צוריק אַריין, איך גייה באַלד
שלאָפען

(יערמען און אסתר נעמען אַרויסגעהן)

רחל: (נעמט אָן אסתרין פאַרן האַנד) בלייב דאָ מיט מיר,
מיין קינד.
אסתר: נאָר אויף איין מינוט, מאַמא.
רחל: ווי ניט ס'איז איצט און דער היים.
אסתר: מאַ פאַרוואָס זענט איהר געקומען?
יערמען: (שטעלט זיך אין דער טיר)
אסתר: כ'גייה שוין. (לויפט צו איהם, בייגענדיג זיך צו די
אַלטע)
רחל: (קוקט אויף איהר און געהט צו צום סאָפע)

## 4=טער אויפטריט.

### די פריהערדיגע, (אָהן) יערמען און אסתר.

פרוי הערמיננ: קומט דאָ אַהער, ליבע פרוי לעווין.
הערמיננ: (אומדרעהענדיג זיך) יאָ.. איצט... זיצט לעווין..
מיר'ן פערמאַכען די טיר און אַביסעל פלוידערן וועגען



אונזערע קינדער.
לעווין: (זעצט זיך נעבען דער אַלטער, וועלכע נעמט זיך צו
דער אַרבייט. ער רייכערט אַ סיגאַר, אַרויסלאָזענדיג דעם
רויך)
רחל: (קוקט אַביסעל דערשראָקען איבער די ברילען)
הערמיננ: (פערמאַכט די טיר, געהט צו צו לעווינ'ן) איהר ווילט
אַביסעל קעשענוואַסער?
לעווין: ניין, כ'דאַנק.
הערמיננ: איהר וועט דאָך ערלויבען
לעווין: ביטע.
הערמיננ: (גיסט זיך איין אַ גלעזעל קערשען=וואַסער מיט סאָדע-
וואַסער, זעצט זיך) יאָ, איהר זעהט דאָך, לעווין, מיין זוהן
איז זעהר אונפראַקטיש און דעריבער לעג איך פאָר – אויב
איהר האָט גאָרנישט נעגען דעם – צוליב דעם וואָס איהר
און איהר פרוי האָבען מיך בעעהרט... לעג איך פאָר צו
רעדען וועגען דעם וואָס ס'איז נויטיג. פאַר ביידע צדדים
איז גלייכער אַלץ קלאָר צו מאַכען ביז צו דער חתונה,
אַזוי ווי ס'איז שוין דערצו געקומען. איך נעמ'ען, אַז מיר,
פראַקטישע מענשען, קאָנען איצט אַלץ בעשליסען און נישט
פערציהען אין דער לאַנגער באַנק אַריין. ווי איז איהר
מיינונג, לעווין?
לעווין: און וואָס זאָגט איהר, הער געהיימראַט?
הערמיננ: אַלזאָ, אַזוי געזאָגט איהר זענט אַ פערמעגליכער
מענש.
לעווין: מ'זאָגט. מילא, וואָס מ'זאָגט...
הערמיננ: דאָס מאָל בין איך אָבער זיכער, אַז מ'זאָגט דעם
אמת.
לעווין: איך קאָן אייך נישט פערזיכערן צו גלייבען...
הערמיננ: ריכטיג... אָבער זאָגט, וואָס מ'מאַכט איהר, צום
ביישפיל, וועגען נדן?
לעווין: נדן... איהר מיינט וואָס פאַר'ן געלד איך האָב בעקומען פון מיין פרוי?
הערמיננ: ניין...
לעווין: איך האָב גאָרנישט בעקומען.

רחל: מיר האָבען געהאַט 14 קינדער.

הערמונג: (צוזאַמען) זאָל גאָט היטען!

פרוי הערמינג: גרויסער גאָט!

רחל: פיר זענען געשטאָרבען.

פרוי הערמינג: ביי מיר זענען אויך דריי געשטאָרבען, פרוי לעווין...

הערמינג: יאָ, יאָ, טייערע פריינד, איצט איז דאָך אָבער אַ אַנדערע צייט. נישט איהר פרוי האָט חתונה, און נישט מיר האָבען 14 קינדער. און כאָטש איך קען נישט אייער לאַגע, פינדעסטוועגען זאָג איך אויף אייך אָהן ריזיק 200 טויזענד.

לעווין: (אויפהייבענדיג די האַנד) איהר ווילט מיך קויפען פאַר 200 טויזענד?

הערמינג: (אָבנעמענדיג זיין האַנד) איך וועל בעשטימען 300 טויזענד און... כיבין זיכער, אַז ס'איז געמאַכט געוואָרען אַ גוט געשעפט.

לעווין: (אוועקנעמענדיג די האַנד) נאַרישקייטען...

רחל: אָבער, אַדאָלף...

לעווין: (געהט אויפגערעגט ארום איבערן צימער) איהר האָט דען געצעהלט מיין געלד, וואָס? איך וועל מיין טאָכטער געבען אַזאַ נדן, פאַר וועלכען זי וועט זיך נישט דאַרפען שעהמען. מ'וועט זי בעקליידען פון קאָפּ ביז פיס, נאָר אויב איהר מיינט, אַז אייער זוהן האָט זיך פערבונדען מיט אַ פרינצעסין פון טראַפּעזונד, דאַרף איך אייך, צום בעדויערן, אַרויספיהרען פון דעם טעות.

רחל: אַדאָלף, רעג זיך נישט אויף.

לעווין: מיש דיך נישט אַריין. (געהט אויף און אָב אויפגערעגט)

הערמינג: ס'לוינט זיך אָבער גאָרנישט אַזוי אויפצורעגען, מיר קאָנען דאָך רוהיג בעהאַנדלען די זאַך. מיט דער היסטאָריע פון דער קולטור קאָן מען נישט קומען צו קיין פערמעגען.

לעווין: טאָ צו וואָס דאַרף אייער זוהן די היסטאָריע פון קולטור?



הערמינג: אַ חוץ געלד איז נאָך עפּעס דאָ אויף דער וועלט...

פרוי הערמינג: הערמינג...

לעווין: דאָס ווייסט איהר..

רחל: אַדאָלף...

פרוי הערמינג: ענטשולדיגט.. צו וואָס דאַרף מען זיך קריגען איבער זאַכען, וועלכע אינטערעסירען אונז גאָרנישט?. הערמינג, זייט רוהיג, דאָס געלד וואָס די קינדער דאַרפען בעקומען, וועלען זיי בעקומען... ווער ס'זאָל זיי געבען, די אָדער דער הערר לעווין, דאָס ווייס איך נישט. איהר וועט עס שוין אָבער אָבשטימען. פאַר מיר אין פאַר זייער צוקונפט איז פאַראַן צו ענטשיידען אַנדערע, וויכטיגערע פראַגען... אַך – הערר לעווין...

רחל: אַדאָלף, זעץ זיך.

פרוי הערמינג: איך מיין די אַרט חופּה און..

הערמינג: יאָ, חופּה. (פויזע)

לעווין: צום בעדויערן קאָן די חופּה אין סינאַגאָגע נישט פאָרקומען...

פרוי הערמינג: יאָ, קאָן נישט.

הערמינג: זעלבסטפערשטענדליך, אַז זי קאָן נישט.

לעווין: און אין אַ פּריוואַט שטוב וועט אַ ראַבינער נישט קומען.

פרוי הערמינג: נישט קומען.

הערמינג: יאָ, נישט קומען

רחל: צום בעדויערן (פויזע).

פרוי הערמינג: איך טראַכט, מעגליך וואָלט מען פערבעטען וועמען ס'איז פון אונזערע גייסטליכע?

לעווין: וואָס מיינט איהר דערמיט צו זאָגען?

הערמינג: מיין פרוי מיינט, אַז אויב ס'איז אונמעגליך צו שטעלען אַ חופּה אין אייער סינאַגאָגע, זאָל מען...

לעווין: אין אייערע?

הערמינג: יאָ.

לעווין: מיין טאָכטער זאָל נעמען חופּה וקדושין אין אייער קירכע?...

הערמינג: נו, יאָ.

לעווין: קיינמאָל נישט.

הערמינג: דאָס איז דאָך נאר אַ פאָרמאַליטעט, לעווין.

לעווין: קיינמאָל נישט.

הערמינג: ווען מען שטעלען די חופה און שטוב.

לעווין: וואו?

הערמינג: דאָ.

פרוי הערמינג: אז מ׳קאָן נישט ערגעץ אַנדערש וואו.

לעווין: אַגלח וועט מיין טאָכטער נישט געבען קיין חופה וקדושין.

רחל: פערשטעהט זיך.

הערמינג: אייער וויל דאָך אָבער נישט.

פרוי הערמינג: אייער וויל דאָך אָבער נישט, הער לעווין.

לעווין: מיאָ זאָל די חופה זיין איבערהייפט אָהן גייסט-ליכע.

פרוי הערמינג: אהן גייסט-ליכע?

לעווין: אין שטאָדט-פערוואַלטונג.

הערמינג: אין פערוואַלטונג?

פרוי הערמינג: אין פערוואַלטונג... ניין, ענטשולדיגט, איך קאָן נישט איינשטימען... יערמען איז מיין איינציג קינד. גירעכען, אז איהר פערשטעהט, אז גיראַלט נישט אייער גלויבען ערגער פאַר אונזערן, נאר איך בין זעהר רעליגיעז, און יערמען האָט מיר פעסט צוגעזאָגט, אז ער און זיינע קינדער...

לעווין: די קינדער?

הערמינג: יאָ, יאָ, יאָ...

פרוי הערמינג: (שטרעקט אויס די האַנד נאָך אַ גלאָז וואַסער)

רחל: ערלויבט מיר...

פרוי הערמינג: אַ דאַנק, פרוי לעווין... (אין לעצטען צימער שלאָגט דער זייגער. זי פרובט זיך אויפצושטעלען)

רחל: (העלפט איהר צו)

פרוי הערמינג: אַ דאַנק, אַ דאַנק. איהר מוזט מיר ענטשול-



דיגען, דער זייגער האָט שוין געשלאָגען ניין, און איך מוז מיך לעגען שלאָפען. אַ גוטע נאַכט, מאדאם לעווין. איך האָט זעהר פון אסתר׳ן... מיין מאַן אויך... און מיר וועלען זיך בעמיהען צו טון אלץ וואָס מיר וועלען נאָר זיין אומשטאַנד... מיר דאַרפען אָבער גראָד אַזאַ געפיהל פאַר אונזער זוהן ווי איהר פאַר אייער טאָכטער... כיזש נאָטים הילף וועלען מיר קומען צו אַ בעשלום. אַ גוטע נאַכט. אַ דאַנק פאַרן בעזוך. אַ גוטע נאַכט, אַ דאַנק פאַרן הייטיגען אָוועַנד.

הערמינג: אַ גוטע נאַכט... ענטשולדיגט... (פיהרט אָב ויין פרוי רעכטס)

## 5-טער אויפטריט.

## די פריהערדיגע, (אָהן) הערמינג און פרוי הערמינג.

לעווין און רחל: (זיצען שווייגענדיג און קוקען איינער אויפ׳ן אַנדערן)

רחל: (טוט אויס די בריליען)

לעווין: דו פיהלסט זיך גוט?

רחל: און דו?

לעווין: דאָס האָט נאָך געפעהלט, אז אַ גלח זאָל אסתר׳ן געבען חופה וקדושין.

רחל: וואָס דאַרפסטו זיך אויפרעגען? מ׳דאַרף זיין סאָליד.

לעווין: טאָ רעד דו, אויב דו קאָנסט. דו מיינסט, אז ער איז יאָ סאָליד? נעמט אַ סיגאַר, לעווין... זיצט, לעווין... איך בין הערר לעווין און נישט לעווין...

רחל: ווי גוט ס׳איז איצט צו ליגען אין בעט.

לעווין: וואָס האָט זי געזאָגט וועגען די קינדער?

רחל: וועגען וועלכע קינדער?

לעווין: אפשר דאַרף מען זיי אויך שיקען אין קירכע?

רחל: וואָס דו פלאַפּעלסט...

לעווין: יאָ, יאָ...

רחל: דו בויזט אקינד.

לעווין: (געהט צו צום לאָמפּ) 7000 קראָן. אפשר געפעלט דיר צו האָבען אזא שטאַל ביי זיך און שטוב?

רחל: אַז אַ שטאַל איז שוין בעסער אויפ'ן הויף.

לעווין: 7000 קראָן פאַר..

רחל: ס'איז דען דיין געלד?

לעווין: אַרויסגעוואָרפען געלד...

רחל: טסס... (ס'הערען זיך הערמינג'ס טריט. די אַלטע טוט צוריק אָן די ברילען און נעמט זיך צו איהר ארבייט. לעווין מאַכט זיך קוקען די בילדער. הערמינג קומט אַריין)

## 6=טער אויפטריט.

### די פריהערדיגע, הערמינג.

הערמינג: ענטשולדיגט, טייערע... נאָר די קראַנקהייט, צום בעדויערן...

רחל: נאָט זאָל איהר צושיקען אַ היילונג.

הערמינג: לאָמיר זיך זעצען, לעווין, פערווייכערן אַ פרישע סיגאַר און זיך רוהיג דורכרייד'ען. (לעגט פאַר סיגאַרען. לעווין דאַנקט) אַ לייכטע, בוטע? (פערווייכערט) מיין פרוי, צום בעדויערן, ווי איהר זעהט, איז אַ שוואַכע, זעהר אַ שוואַכע. זי ענטשולדיגט זיך, אַז ביי אַ צווייט מאָל...

רחל: אַ דאַנק... דו הערסט, אַדאָלף?

לעווין: אַ דאַנק.

הערמינג: מיר ווילען זיך אומקעהרען צו אונזער געשפּרעך, וועגען נדן און די איבריגע זאַכען ווילען מיר שוין, ווי ס'איז, דורכקומען, מיר זענען דאָך פינאַנסיסטען... וואָס מאַכט איהר אַזא מינע, לעווין?, יעדעם קינד אויף דער בירזע ווייס אייער פערמעגען.. יאָ.. יאָ... מ'ווייס. איהר דאָט נאַרנישט! זעהר שעדן, זאָל זיין אַזוי... און איצטיגען מאָמענט איז די הויפּט פראַגע פאַר מיר און פאַר מיין פרוי — די חופּה. לאָזט מיך ענדיגען, דערנאָך וועט איהר...



מיין פרוי, ווי איהר האָט שוין געהערט, איז זעהר רעליגיעז.. מאַראַם לעווין איז געווים אויך אַזוי.. ס'איז גאַנץ פערשטענדליך. פאַר אייך און אייער פאַמיליע איז אונבעדינגט נויטיג, אַז אַלץ זאָל געמאַכט ווערען לויט'ן קריסטליכען דין.

לעווין: לויט'ן קריסטליכען?

הערמינג: אום גאָט'ס ווילען, לעווין, שלאָגט מיר נישט איבער...

לעווין: לעווין, לעווין, נו, און איך? און מיין פרוי? מיר זענען דאָך עלטערן און דאָס איז אונזער טאָכטער. איך זאָג אייך קורץ און דייטליך: איך וועל נישט געהן מיט מיין טאָכטער אין איינע פון אייערע קירכען, וואו מ'שפּילט אַ אָרגעל און מ'זינגט תהלים. וואָס זאָגסטו?

רחל; די פרוי געהיימראַטין איז אַזאַ גוטע פרוי, אַז זי וועט אונז פערשטעהן.

הערמינג: יאָ, זי קאָן עס אָבער נישט, ליבע פרוי לעווין. איך האָב מיט איהר גערעדט, כ'האָב איהר פאָרגעלעגט פערשידענע פלענער וועגען דער חופּה און די צוקונפטיגע קינדער...

רחל: קינדער?

לעווין: וואָס זאָל זיין מיט די קינדער?

הערמינג: קורץ און גוט: זי מיינט און צוזאַמען מיט איהר אויך איך, אַז דאָס גלייכסטע פאַר יערמענין און די צוקונפטיגע קינדער... און אַלע היינטיגע דאַרף מען...

לעווין: נו, וואָס?

הערמינג: נו, יאָ.

לעווין: וואָס יאָ?

הערמינג: טויפען די קינדער.

לעווין: שמדין?!

רחל: שמדין?!

הערמינג: יאָ.

לעווין: איהר זענט אַראָב פון זין? נישט אַנדערש, נאָר איהר מוזט זיין אַראָב פון זין.. בין איך דען נישט קיין יוד? איז מיין טאָכטער נישט קיין יודישע? שמדיט אַ יוד

זײַנע קינדער? (צו דער אלטער) די הערסט?

ר ח ל: יאָ.

ה ע ר מ י נ ג: סיטוז דאָך קומען צו וועלכען ס'איז בעשלום, כאַראַם לעווין. אײַער טאָכטער איז אַ יודישע, מען ווהן — אַ קריסט...

ל ע ו ו י ן: זאָל ער זיך מגייר זײַן.

ה ע ר מ י נ ג: איך בעט אײַך נאָר אָהן נאַרישקייטען, לעווין...

ל ע ו ו י ן: הער־ר לעווין...

ה ע ר מ י נ ג: אויב איהר ווילט קומען צו וועלכען ס'איז בעשלום, וועלען מיר רײדען, אויב איהר ווילט אָבער מאַכען סקאַנדאלען, רײַסען מיר איבער אונזער געשפּרעך

ל ע ו ו י ן: זאָגט וואָס איהר ווילט.

ר ח ל: אַדאָלף... (צו הערמינג) מיר זענען אײַערע געסט, הערר געהיימראַט, און אַז ס'איז צו נאַכט מאַכט מען נישט קײַן סקאַנדאלען, ווי איהר האָט זיך אויסגעדריקט. מיר האָבען זיך אונזער רעליגיע, איהר — אײַערע. וועלכע ס'איז די ריכטיגע, אונזערע אָדער אײַערע, קאָנען מיר אַליין נישט בעשטימען, איהר דאַרפט אָבער פערשטעהן, אַז אַלס יודען קאָנען מיר אַנדערש נישט דענקען.

ל ע ו ו י ן: דאָס פערשטעהט ער נישט.

ר ח ל: אַדאָלף...

ה ע ר מ י נ ג: איהר מיינט מיך?

ל ע ו ו י ן: יאָ, איך זאָג, אַז איהר פערשטעהט נישט דאָס וואָס עס טראַכט און פיהלט אַ יוד. איך זאָג „דעם וואָס מ'ליובט נישט, דעם פערשטעהט מען נישט“, און צוליב דעם פערשטעהט איהר נישט קײַן יודען.

ה ע ר מ י נ ג: וואָס ווילט איהר דערמיט זאָגען?

ל ע ו ו י ן: אָט דאס וואס כ'זאָג.

ה ע ר מ י נ ג: ווייסט איהר, אַז דאס איז אַ בעליידיגונג?

ל ע ו ו י ן: זאָל עס זײַן אַ בעליידיגונג.

ר ח ל: אַדאָלף...

ה ע ר מ י נ ג: אויב איהר מיינט, אַז איך ערלויב מיך צו בעליידיגען, האָט איהר אַ טעות. איך מיינט, אַז איך האָב אײַך אַהער פערבעטען צו פּלאַפּלען אין דער וועלט אַרײַן...



איך האָב אײַך איידעל געפרעגט.

ל ע ו ו י ן: וואָס רופט איהר אָן „איידעל־קייט“?

ה ע ר מ י נ ג: איהר נעהמט מיר זאָגען וואָס ס'איז אַזוינס איידעל־קייט?

ל ע ו ו י ן: איך האָב אײַך געענטפערט אַזוי ווי איהר האָט זיך פערדינט.

ה ע ר מ י נ ג: וואָס?!

ר ח ל: אַדאָלף...

ל ע ו ו י ן: יאָ. יאָ...

ה ע ר מ י נ ג: ווען איך זאָל אײַך ענטפערן ווי איהר האָט זיך פערדינט...

ל ע ו ו י ן: נו?

ה ע ר מ י נ ג: וואָלט...

ל ע ו ו י ן: נו, זאָגט שוין.

ה ע ר מ י נ ג: איהר...

ל ע ו ו י ן: וואָס — איהר? נו, זאָגט שוין וואָס איהר?

ה ע ר מ י נ ג: (זעצט זיך אויף אַ שטול, אויסגעדרעהט צו איהם מיט'ן רוקען)

ל ע ו ו י ן: איך קען דיך.

ה ע ר מ י נ ג: (דרעהט זיך צוריק)

ל ע ו ו י ן: יאָ.. איך קען.. דיך... איך בין שוין איינמאָל געשטאַנען פאַר דיר נראָד אַזוי ווי איצט דערצאָלט בײַזײַ דיר אויך געזעסען אין דײַן שטול, געקוקט אויף מיר פון אויבען אַראָב, גערעדט אויף „איהר“, און אויסדרעהענדיג זיך מיט'ן רוקען מיך אַרויסגעבעטען.

ה ע ר מ י נ ג: אַהאַ... איצט זיך דערמאַנט...

ל ע ו ו י ן: איצט זיך דערמאַנט... איך האָב שוין געוואַרט אויף דער מינוט. איהר האָט געמיינט, אַז כ'האָב שוין פערגעסען? קיינמאָל נישט... איך בין נישט פון די וואָס פערגעסען. און יענעם טאָג האָב איך עס זיך פערשוואוירען: קיינמאָל נישט, קיינמאָל נישט...

ה ע ר מ י נ ג: איצט האָב איך אײַך ווידער דערקענט.

ל ע ו ו י ן: יענעם טאָג האָט איהר נישט געדאַרפט קײַן יודען...

הערמינג: ניין.

לעווין: אָבער הײַנט דאַרפֿט איהר מיך יאָ האָבען.

הערמינג: איך?

לעווין: און הײַנט זאָג איך „ניין“.

רחל: אַדאָלף...

הערמינג: יאָ, איצט דערקען איך איך... גראָד אַזוי ווי און דער יוגענד... און שולע... און שפּעטער און לעבען... איהר זאָגט „ניין“. איהר מײנט, אַז איהר האָט איצט די מעגליכקײט... איהר זענט בכח זיך און סיר נקם צו זײַן. איהר פֿלעגט זיך פֿריהער אויך נוקם זײַן... וואו און ווען איהר האָט נאָר געקאָנט, יאָ... צוליב אַלטע חשבונות פֿון אונזערע עלטערן... איצט האָט איהר אויפֿגע־הויבען די האַנד און שאַרפֿט דאָס כעמער...

לעווין: די נקמה איז זיס...

רחל: געדענק און גאָט...

הערמינג: און וואָס וועט איהר טון אויב אײַער איבערשפּיציגער שכל האָט אײַך דאָס מאָל אָבגענאַרט? איהר האָט צו פֿריה געפֿײַערט דעם נצחון. איהר פֿערגעסט, אַז דער אײנ־ציגער מענש, וואָס קאָן דא זאָגען „יאָ“ אָדער „ניין“ איז...

רחל: אסתּר.

הערמינג: אײַער נקמה וועט אויסגעהן צו אײַער קאָפּ, ניִשט צו מײַנעם. אײַער טאָכטער האָט שוין צוגעזאָגט מײַן זוהן וועגען דער חופּה און די קינדער...

לעווין: (כאַפּט זיך אָן פאַרן עק טיש) קינדער...

רחל: (לויפֿט צו איהם צו) גאָטעניו, אַדאָלף...

הערמינג: נו, וואו איז אײַער זיסע נקמה?

לעווין: דאָס איז אַ ליגען, רחל... אַ ליגען... (טופּעט מיט די פיס) דאָס איז אַ ליגען... איהר הערט, דאָס איז אַ ליגען... אויסוואַרף...

הערמינג: (שטעהט שנעל אויף און געהט פֿאַרבײַ די ביידע אַלטע, וואָס שטעהען צוזאַמען און קוקען איהם נאָך) (פֿון לינקס קומט אַרײַן דער לאַקײ)

הערמינג: בעט דאָ אַרײַן דאָס פֿרײַלײַן, נאָר שנעלער.



(לאַקײ אָב אויפֿלאָזענדיג די טיר. הערמינג געהט איבער רעכטס. די אַלטע שטעהען צוזאַמען און קוקען אויף דער אָפֿענער טיר. פּויזע. ס׳קומט אַרײַן אסתּר, זי דער־שרעקט זיך אָנקוקענדיג די עלטערן, זי פֿערשטעהט וואָס די שטילקײט בעדײַט, געהט צו צו הערמינג׳ן, ניִשט קוקענדיג אויף די עלטערן).

## 7־טער אויפֿטריט.

### די פֿריהערדיגע, אסתּר.

לעווין: (רוהיג, געהט איהר פֿריינדליך אַ קעגען) אסתּר...

אסתּר: (שטעלט זיך אָב)

לעווין: איז עס אמת... אַז דו האָסט צוגעזאָגט... שמדין דײַנע קינדער?

אסתּר: (שווייגט)

רחל: (געהט צו נעענטער) אסתּר, ענטפֿער.

לעווין: ס׳איז אמת?

אסתּר: יאָ, (פּויזע)

לעווין: (געהט צו דער טיר) קום, רחל.

רחל: אסתּר...

לעווין: רחל...

רחל: (דריקט איהר די האַנד) אסתּר...

לעווין: (אין דער טיר) דו הערסט? (עפֿענט די טיר. די אַלטע געהען אַרויס)

## 8־טער אויפֿטריט.

### די פֿריהערדיגע, (אָהן) לעווין (און) רחל.

אסתּר: (בלײַבט שטעהן אונבעוועגליך. דערנאָך פֿאַלט זי אויפֿ׳ן שטול און בעדעקט דאָס פּנים מיט די האַנד)

הערמינג: (געהט פּאַמעליך צו איהר צו)

# 9=טער אויפטריט.

## די פריהערדיגע, יערמען.

**יערמען:** (קומט אריין, בלייבט שטעהן ביי דער טיר און קוקט זיך ארום פערוואונדערט) וואס האט דא פאסירט? (געהט צו אסתרין) אסתר, וואס איז דא פארגעקומען?.. אסתר...

**אסתר:** (הויבט פלוצלונג אויף דעם קאפ) פארוואס צווינגט איהר מיך?

**יערמען:** מיר צווינגען?

**אסתר:** כ'האב דיר געזאגט, אז כ'קאן נישט... כ'האב דיך געבעטען, אז דו זאלסט מיך לאזען צו רוה, נאר דו האסט נישט אבגעלאזט...

**יערמען:** איך?

**אסתר:** יא.

**יערמען:** איך האב דיך געפרעגט, איך האב דיר ארויסגעזאגט מיין מיינונג. אבער מיינסטו דען, אז מיר איז א אונטערשיד אויב ס'וועט אזוי זיין אדער אנדערש? (צום פאטער) האב איך נישט שטענדיג געזאגט, אז אסתר זאל טון לויט איהר אייגענעם ווילען?

**הערמינג:** יא.

**יערמען:** דו הערסט?

**אסתר:** (שטיל) יערמען, דאס איז נישט אמת.

**יערמען:** נישט אמת?

**אסתר:** יא, ס'איז נישט אמת, אז דו האסט מיך געפרעגט... האסטו נישט געזעהן, וואס איך האב דערביי איבערגעלעבט, ווי איך האב פון טאג צו טאג אבגעלעגט מיין בעשלוס. דו האסט עס גאנץ גוט געזעהן, ווען דו האסט געזאגט, אז מיר מוזען איצט בעשליסען, און ס'איז בעסער צו טון אזוי ווי דיינע עלטערן ווילען...

**הערמינג:** נו, יא...

**אסתר:** נו, זאג איך דעם אמת?

**יערמען:** אז דער פאפא און די מאמא זענען אזוי צוגע־שטאנען..



**הערמינג:** יא.

**אסתר:** און איך?

**יערמען:** פאר אונז און פאר דיר עקסיסטירען גארנישט קיין פראגען.

**הערמינג:** געוויס.

**אסתר:** ניין, זיי עקסיסטירען יא, אלע־פאלס פאר מיר... איצט, ווען מיין פאפא און מאמא זענען דא געשטאנען און געפרעגט, האבען די פראגען אויך אנגעהויבען צו עקסיסטירען פאר מיר. איך האב געפיהלט, אז כ'האב עפעס געטון... עפעס אונפערשעמטעס. יא, יא, נאר כ'האב נישט געקאנט ענטפערן, און אין דעם מאמענט האב איך דערזעהען, אז איך קאן נישט אזוי טון ווי כ'האב דיר צוגעזאגט, אז ס'האט פאר מיר א גאנץ אנדערע בעדייטונג ווי פאר אייך: (בעדעקט דאס פנים מיט די הענד און וויינט)

**יערמען:** (וויל צו איהר צוגעהן)

**הערמינג:** (גיט איהם א צייכען, אז ער זאל בלייבען אויף זיין ארט און געהט אליין צו) אסתר... זיי פע־שטענדיג. ווי האט יערמען געזאגט: אונז איז אלץ איינס אזוי אדער אנדערש. נאר אויב מיר שטעהען צו דיר צו, איז עס נאר צוליב דער כוטער. זי איז שוין אזוי, זי קאן אנדערש נישט טראכטען — ס'איז איהר פשוט אונמעגליך. דו ווייסט, דאכט זיך, גאנץ גוט, אז זי האט גארנישט געגען אייך, נאר זי איז שוין אזא, און מיר דארפען איהר נישט פערשאפען קיין שמערצען, אויב אבער דו ווילסט וויסען מיין מיינונג, זאג איך דיר אפען, אז זי איז גערעכט. אפילו פון פראקטישען שטאנדפונקט, וועסטו גארנישט אויפטון, מ'מוז זיך רעכענען מיט דער פראקטישער זייט. מ'זענען פאראן סבות פון וועלכע דו ווייסט נישט, און וועלכע מאכען פאר יערמענ'ן זעהר וויכטיג די פראגע: צי וועלען די קינדער זיין יודען אדער קריסטען. אמת, ביי אינטעליגענטע מענשען עקסיסטירט איבערהויפט נישט די דאזיגע פראגע. איך אכט אין דיינע גלויבענס-גענאסען זייער טאלאנט, ענערגיע און די איבעריגע גוטע מעלות, זיי זענען אבער און בלייבען פרעמדע, אפילו דעמאלט ווען זיי וועלען בעהערשען אלץ: כבוד, מאכט און

צווישען אונז וואָס שטענדיג זײַן אַ אונטערשיד – אַ אונטערשיד אין טעמפּעראַמענט, אַ אונטערשיד אין דער נאַציאָנאַליטעט, מיט איין וואָרט, עפּעס אַזוינס וואָס... איך זאָג אײַך, פֿאָלשטענדיג אָפֿען דאָס וואָס כ'פֿיהל אין וואָס כ'האָב שטענדיג געפֿיהלט: איך ליב נישט קײַן יודען.

**אסתר:** (שפּרינגט אויף) יערמען...

**יערמען:** וואָס?

**אסתר:** האָסט געהערט?

**יערמען:** וואס?

**אסתר:** זאָג עפּעס...

**יערמען:** וואס זאָל איך זאָגען?

**אסתר:** וואס דו זאָלסט זאָגען? (פֿאַלט אַוועק שטיל און צובליפּעט זיך)

**יערמען:** אסתר... אסתר.. בערוהיג זיך... מיר האָבען דאָך שוין פֿריהער גערעדט וועגען דעם. און אין דער אמת'ן, פֿאַרוואָס זאָל דער פּאַפּאַ נישט טאָרען זאָגען דאָס וואס ער האט געזאָגט? פֿאַרוואָס זאָל איך נישט טאָרען זאָגען, צום בײַשפּיל, אַז איך ליב נישט קײַן דײַטשען אָדער פֿראַנצויזען. איהר אַלײן זאָגט גאָרנישט אַזוי דעליקאַט צו אײַערע אײגענע און פֿרעמדע, נאָר קוים רעדט אײנער אַרוים דאָס וואָרט „יוד", שפּרינגט איהר אויף ווי אָבגעברוהטע. ווען איך בין בײַ אײַך געווען דאָס ערשטע מאָל, און אויך שפּעטער האָב איך געפֿילט, אַז...

**אסתר:** וואָס?

**יערמען:** אַז דאָרט הערשט עפּעס אַ אײַנגעוואָרצעלטע שנאה...

**אסתר:** פֿון וועמענס זײַט?

**יערמען:** (צום פֿאָטער) דו ווײסט דאָך...

**אסתר:** זאָג...

**יערמען:** דאס קאן מען נישט זאָגען מיט קײַן ווערטער.

**הערמינג:** ריכטיג.

**יערמען:** דאס פֿיהלט זיך אין דער לופֿט...

**אסתר:** וואָס פֿיהלט זיך אין דער לופֿט? אַז דו ווײסט, זאָג! זענען אונזערע נישט געווען גאַסטפֿרײַנדליך צו דיר?



**יערמען:** יאָ – יאָ...

**אסתר:** אַלע?

**יערמען:** יאָ, אַלע.

**אסתר:** ווער איז עס נישט געווען?

**יערמען:** קײַנער נישט. (לאַכט)

**אסתר:** פֿאַרוואָס לאַכסטו?

**יערמען:** דו האַלסט פֿאַר דײַנע.

**הרמינג:** יערמען...

**אסתר:** ווער איז נישט געווען פֿרײַנדליך?

**הערמינג:** אסתר...

**אסתר:** ווער?

**יערמען:** דײַן ברודער יאַקוב, אויב דו ווילסט וויסען.

**אסתר:** ער?

**יערמען:** און דײַן פֿאָטער.

**הערמינג:** יאָ.

**יערמען:** יאָ... דאָ איז עפּעס נישט פּאַסיגעס... דו האָסט מיר אַלײן געזאָגט, אַז דו פֿיהלסט עפּעס אין מײַנע... טאָ פֿאַרוואָס זאָל איך נישט פֿיהלען עפּעס געגען דײַנע? דאָס מאַכט מיך באַלד פֿאַר אַ אַנדערן, אַ פֿרעמדען, און דיך אויך אַזוי... דאָ אין שטוב איז עפּעס אונקלאָר...

**הערמינג:** יערמען.

**יערמען:** יאָ...

**אסתר:** (שטעלט זיך אויף און געהט צו דער טיר)

**יערמען:** וואוהין?

**אסתר:** אַ היים.

**יערמען:** אַ היים?

**אסתר:** יאָ.

**יערמען:** אסתר...

**אסתר:** לאָז מיך צו רוה... יאָ, איך האָב דאָס געפֿיהלט אַ גאַנצען אָוענד זיצענדיג בײַם טיש... מיך האָט שרעקליך געקוועהלט אײַער בענעהן זיך מיט מײַנע עלטערן – דאָס האָט מיך אויפֿגעבראַכט. איצט בין איך אַלײן מיט דײַן

פֿאָטער און איך האָב דײַנע רעדעס... און איך האָב פֿלוצלונג דערפֿילט, אַז צווישען אונז שטעהט עפּעס שרעקליכעס, עפּעס אַזוינס, וואָס וועט אפשר קיינמאָל ניט... איך ווייס נאָר איין זאַך: איך האָב נאָך קיינמאָל אַזוי ניט געליבט מײַן פּאַפּאַ און מאַמאַ, ווי איך האָב צו זיי נאָך קיינמאָל אַזוי ניט געהערט ווי איצט, ווען זיי זענען דאָ פֿאַרבײַגעגאַנגען, און איך בין דאָ געשטאַנען. קיינמאָל נאָך ניט, קיינמאָל ניט... דו הערסט? איך וועל קיינמאָל ניט טון דאָס וואָס איהר ווילט פֿון מיר, און דאָס וואָס כ'האָב דיר, פֿון שטאַרקע ליבע צו דיר, צוגעזאָגט.

**יערמען:** אסתר...

**אסתר:** ניין.. ניין...

**יערמען:** הער אויס...

**אסתר:** אַ גוטע נאַכט... (געהט שנעל אַרויס לינקס)

## 10-טער אויפֿטריט.

### די פֿריהערדיגע, (אָהן) אסתר.

**הערמינג:** זעהסט... (פּויזע. געהט צו איהם צו) איך האָב דיר באַלד געזאָגט. דו האָסט געמיינט, אַז דאָס איז לײַכט, און אַז נאָר מיר, אַלטע, מיט אונזערע פֿערעלטערטע אַנשויאונגען, שטערען דער זאַך. אונצט זעהסטו! די פֿערשטעהסט דאָך, מײַן קינד, אַז כ'בעדויער דיך, דו האָסט מיך ניט געוואָלט הערען. די ביזט דיר געזעסען איבער די ביכער און אַרויסגעלעזען אַזוי און אַזוי... מ'בעליידיגט זיי... מ'פֿערשעמט זיי... איך ווייס אָבער אויך עפּעס, פֿערשטעהט זיך, ניט פֿון ביכער, נאָר פֿון לעבען... איך קען זיי... איך האָב געקענט די דאָזיגע נאַציע נאָך אַוודאי די ביזט געבוירען געוואָרען. נוקם ונוטרים, מענשען מיט אַ שלעכטען זכרון, אַז מוזעלכע זענען זיי אַלע.

**יערמען:** אַלע?

**הערמינג:** דו האָסט דאָך געזעהען



**יערמען:** וואָס האָב איך געזעהען, אַז דאָס וואָס די ביזט געגען אונזער שדוך, אַז דאָס וואָס דו האָסט מיך געבעטען אָנצורייִדען אַ מענש וואָס ליבט מיך, אַז ער זאָל האַנדלען געגען זײַנע אייגענע געפֿיהלען? ווי שרעקליך דאָס איז... יאָ, איך ווייס עס, און דו מיינסט, אַז איך האָב ניט פֿערשטאַנען ווי גראָב און אונפּראַקטיש עס איז געווען זי צו צווינגען דערצו, ווימענדיג, אַז זי טוט עס נאָר צוליב ליבע צו מיר? וואָס ליבען זיי אויב ניט דאָס מיט וואָס מיר בערוהמען זיך אַזוי? זיי ליבען זייער הויז, פֿאַמיליע און פֿאָלק — איך האָב דאָס געזעהען... זיי האָבען אַנדערע אַנשויאונגען, קאָן מען זיי צוליב דעם פֿעראַכטען? זיי האָבען אַ אַנדערע נאַז... אפשר דאַרף איך דערויף לעגען אַכט?

**הערמינג:** נאַרישקייטען...

**יערמען:** אויב אַזוי? איך בין אויפֿגעוואַקסען אין דעם הויז און האָב מיטלווייז אײַנגעזאַפּט אין זיך אַלע די פֿערביסענע אַנשויאונג. ווער איז דען שולד דערפֿון? פֿון וואַנען האָט זי זיך גענומען? מענשען האָבען ליב זייער הויז — איז דאָס אַ חסרון? זיי זענען פֿעסט צוגעבונדען צו זייער פֿאָלק... קאָנען מיר דאָס זעלבע וועגען זיך זאָגען? פֿון וואַנען האָט זיך גענומען אַט די טיפֿע פֿערביסענע אַנשויאונג?

**הערמינג:** דאָ האַנדעלט זיך ניט וועגען פֿערביסענהייט.

**יערמען:** אַט דאָס וואָס איך האָב געפֿאָדערט פֿון אסתרין איז נאַריש און אכזריותדיג. איך האָב זי פֿריהער בעליידיגט... כ'האָב עס ניט געוואָלט... איצט ווען זי האָט זיך אָבגעווענדעט פֿון מיר, ליב איך זי נאָך טויזענד מאָל מעהר. זאָג, וואָס קאָן זי טראַכטען וועגען מיר נאָכ'ן הײַנטיגען טאָג? ס'קאָן זײַן, אַז אַלץ איז געענדיגט, און דו קאָנסט זיך פֿרייען. אָבער דאָס וואָס איך האָב דיר צוגעזאָגט, אַז מײַנע קינדער וועלען זײַן קריסטען, דאָס וועט אַלענפֿאַלס ניט זײַן.

**הערמינג:** אפשר ווידען?

יערמען: נישט קיין יודען, נישט קיין קריסטען. זאָלען זיי זיין
געבענשט! אט אזוי וועל איך זיי ערציהען. (געהט צו דער
טיר אין הינטערגרונד)

הערמינע: און דו רעכענסט, אז די מצבה וואס האט זיך דאָ
היינט אבגעשפּילט, וועט זיך נישט ווידערהאָלען נאָך הונדער-
טער און טויזענדער מאָל?

יערמען: צום בעדויערן יאָ.

הערמינע: דו רעכענסט, אז די מענשהייט וועט ווערען א
אנדערע?

יערמען: אלץ וועט זיך ענדערן. די מענשהייט וועט ווערען א
אנדערע.

הערמינע: דו גלויבסט אין דעם?

יערמען: יאָ, איך גלויב אין דעם (אב).

פאָרהאַנג.

## פירטער אקט.

די זעלבע דעקאָראַציע פון ערשטען אקט.

אין ווינקעל, אויף א טישעל ברענט א לאָמפּ.

הונא זיצט און לעזט א בוך. מייער זיצט אויפ'ן סאָפע.
שטאַרק פערטראַכט.

### 1-טער אויפטריט.

הונא, מייער,

הונא: (גיט א קוק אויף מייער'ן און לעזט ווייטער באלד פערטראַכט
ער דאָס בוך) אזוי...

מייער: דו האָסט געענדיגט?

הונא: ניין, נאָר...

מייער: זשעניר זיך נישט. איך זיץ דאָ גאַנץ צופרידען אָהן
וועלכער ס'איז בעשעפטיגונג.

הונא: יאָ, דאָ איז זעהר בעקוועם.

מייער: בעקוועם און שטיל.

**הונא:** יאָ, בעקוועם... (קורצע פויזע) אָפּט טראַכט איך פאַר וואָס איז דאָס? סילוינט דאָך נישט אין מעבעל, יעדע זאַך פאַר זיך איז זעהר אײנפאַך. די מאַפּע, צום בײשפּיל, איז זעהר אײנפאַך געמאַכט, נאָר איך ווײס נישט וואָס דאָ איז... גראָד אַזוי ווי אויף די אַלטע בילדער... עפּעס אַ בעזונדערע לופט, וואָס סיפיהלט נאָרנישט אין קײן אַנדער אָרט.

**מײער:** גאַנץ אײנפאַך דערפאַר ווײל די האָסט עס ליב. אפילו פאַר מיר, אַ פרעמדע... כמעט אַ פרעמדען... איז דאָ עפּעס... הײמיש.

**הונא:** יאָ, הײמיש, מײער. איז דאָס נישט מערקווירדיג? איך בין שוין אַ דערוואַקסענער מענש, קרוב צו פירציג, נאָר, אַז כיזיץ דאָ, ווער איך פירצען יאָהר. יאַקוב פיהלט אויך אַזוי, און דערבײ איז ער פערהײראַט, האָט זיך זײן הויז און פאַמיליע. מיר האָבען טײלמאָל גערעדט וועגען דעם אויף ווי פיל סיאיז איבערהויפּט מעגליך צו רײדען מיט יאַקובין. אלענפאַלס, האט ער געזאגט, — ער, וואס האט אַקאָפּ מיט ביר, לעדער און פעטס —, אַז דא פיהלט ער זיך עפּעס אַזוי ווי אין צאַאוים אונטער׳ן שאָטען פון די פאַלמען-בײמער... די אײנציגע וואָס פיהלט דאס נישט איז — אמא.

**מײער:** דו מײנסט?

**הונא:** (שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ) זעהסטו, מײער, איך טראַכט אָפּט וועגען דעם, ווען אונזערע זענען נישטא אין דער הײם, אַ שטײגער, ווי הײנט: אמאָל מוז עס זיך דאָך ענדיגען. בײדע זענען, אַ דאַנקען גאָט, געזונד, אָבער פריהער אָדער שפּעטער מוז עס זיך דאָך ענדיגען. און סילאָזט מיך נישט רוהען דער געדאַנק, אַז כיוועל אין אָווענד זיצען אַלײן, נישט עפענען יענע טיר, נישט קלינגען אין דעם גלעקעל, נישט אַרײנגעהן אין צימער וואו זײ זיצען... יאָ, מײער.

**מײער:** יאָ, אָבער דעמאָלט וועסט דאָך דײן שוועסטער האָבען איהר שטוב, און דו — דײן ווינקעלע.

**הונא:** קײנמאָל נישט, מײער.

**מײער:** צײטענווײז יאָ.

**הונא:** דו קאָנסט דיר פאָרשטעלען ווי סיוועט אויסזעהן בײ



איהר אין שטוב?

**מײער:** פאָרשטעלען קאָן מען זיך אַלץ.

**הונא:** אַז מיר זאָלען דאָרט קאָנען זיצען, צום בײשפּיל, אַזוי ווי איצט?

**מײער:** דאָס קאָן איך נישט...

**הונא:** נו, זעהסטו.

**מײער:** זי איז דאָך נישט מײן שוועסטער.

**הונא:** דו קענסטו דאָך זי אָבער אַלס קלײן קינד...

**מײער:** יאָ — אָ.

**הונא:** און ביז אַ געוויסער מאָס האָסטו צו איהר אַזעלכע געפיהלען ווי איך.

**מײער:** ביז אַ געוויסער מאָס.

**הונא:** (שטעהט אויף) קאָן זײן... אַזוי... איצט זיצען זײ בײם געהײמראַט הערמינג... ווער וואָלט דאס אמאָל געגלויבט? דעם פּאַפּא איז עס נישט געווען אַזוי לײכט, די פערשטעהסט דאָך... סיהאָט אָבער געמוזט אַמאָל צוגעהן אַ הין. ער האָט מיט דיר גערעדט וועגען דעם?

**מײער:** קײן וואָרט נישט.

**הונא:** מיט מיר אויך נישט, נאָר כיהאָב איהם געזעהען ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען. די „גוטע נאַכט" וואָס ער האָט געזאָגט איז געווען אין אַזאַ טאָן ווי ער וואָלט זיך געקליבען אין אַ ווײטען וועג אַרײַן. (געהט צו צום פענסטער און קוקט אַרויס אין גאַס)

**מײער:** דער פּאַפּאַ האָט דיר גאָרנישט געזאָגט?... בכלל?

**הונא:** וואָס בעטאָנסטו עס „בכלל"?

**מײער:** דאס הײסט, איך מײן..

**הונא:** וואָס?

**מײער:** גאָרנישט...

**הונא:** (געהט צו איהם צו) וועגען דער חתונה? וואָס האָט ער צו זאָגען? פערשטעהט זיך, אַז ער האָט געמײנט, אַז זײן אײדעם וועט זײן אַ יוד. נײן, ער האט קײנמאָל מיט מיר נישט גערעדט וועגען דעם. איבריגענס זענען גאָרנישט געווען קײן חתנים, וועלכע זאָלען איהם געפעלען.

**מײער:** ריכטיג, נישט געווען.

**הונא:** נו, דער יונגער הירש?

**מייער:** געוויס.

**הונא:** אָדער דער דאָקטאָר קאָן?

**מייער:** ריכטיג.

**הונא:** אַלזאָ נישט, און אויסער זיי קומט דאָך צו אונז קיינער נישט אַריין. איך האָב גערעדט מיט אסתרין וועגען דעם וואָס מיר האָבען נאָר וואָס געפּלאַפּעלט... וועגען דער בעקוועמליכקייט... זי האָט מיך נישט פערשטאַנען, פערקערהט, זי לאַנגווייַלט זיך דאָ און שטוב. זי פיהלט אַ פערלאַנג אַוועקצופאָהרען פון דאַנען —, האָט זי מיר געזאָגט —, אַוועק פון דעם מיט וואָס מיר יודען צייכנען זיך, לויט מיין מיינונג, אויס פון אַלע אַנדערע... עס ציהט זי אַרויס, אַרויס אין דער פרעמד.

**מייער:** איך פערשטעה דיך.

**הונא:** דו ווייסט ווי זי רופט אָן דאָס וואָס מיר פיהלען דאָ, און וואָס אונז איז אַנגענעהם.

**מייער:** ניין.

**הונא:** אַ טויטער ים.

**מייער:** אַ טויטער ים... (פויזע)

**הונא:** ס'קאָן זיין, אַז זי איז גערעכט... יאָ, איך און דו, מייער, האָבען מיר דורכגעגענעצט אונזער לעבען, און אין איין שעהנעם פריהמאָרגען וועלען מיר זיך אַכאַפּען, עס וועט שוין אָבער זיין צו שפּעט... דאָס לעבען האָט אונז נאָר נישט איבערגעלאָזט. יאָ, זאָלסט מיר עס מוחל זיין, עס איז ווירקליך אַ טויטער ים.

**מייער:** נו, יאָ—אָ.

(פויזע. ס'קלינגט)

**הונא:** (קוקט אויפ'ן זייגער, שטעהט אויף און עפענט די טיר אין הינטערגרונד. ס'הערען זיך די שטימען פון דער דינסט און יאַקוב)

**יאַקוב:** אַ גוטען אָווענד, מאַריע... דער פּאַפּא און מאַמא זענען שוין געקומען, ניין? אַ גוטען אָווענד, הונא, אַ גוטען אָווענד... (מ'זעהט ווי די דינסט טוט איהם אויס דעם פּאַלטאָ מיטן הוט) ווער איז אין שטוב? אַ, מייער!



## 2-טער אויפטריט.

**די פריהערדיגע, יאַקוב, מאַריע** (הינטער דער ביהנע).

**יאַקוב:** (קומט אַריין) אַ גוטען אָווענד, מייער... וואָס מאַכט איהר? כ'בין זעהר צופרידען... (רייבט זיך די הענד) אַ גוטען אָווענד, הונא, אַ גוטען אָווענד, מייער... וואָס מאַכט אייער מוטער? זעהר צופרידען...

**הונא:** (אין טיר) מאַריע, איהר קאָנט געהן שלאָפען.

**מאַריע:** אַ גוטע נאַכט. (אַלע ענטפערן איהר)

**הונא:** (מאַכט נאָך איהר צו די טיר)

**יאַקוב:** (זעצט זיך אין שטיל) אַ... וואַרם און בעקוועם. איינענטליך האָב איך אונגעהויער פיל אַרבייט, נאָר כ'קאָן נישט איינזיצען. איך ווער פערברענט פון נייגיריגקייט. זיי האָבען דאָ אַהערגעקלינגען, ניין? ס'איז אינטערעסאַנט צו וויסען וואָס ס'הערט זיך ביי זיי. האַ, מייער? דער פּאַפּא און דער געהיימראַט הערמינג... ווער וואָלט עס אַמאָל געטראַכט, האַ? דאָס איז דאָך אונגלויבליך...

**הונא:** ענטשולדיג...

**יאַקוב:** יאָ, יאָ, ריכטיג!

**הונא:** ענטשולדיגט...

**יאַקוב:** האַ?

**הונא:** ווי פיהלט זיך עפּעס דינה?

**יאַקוב:** ווי קאָן מען זיך פיהלען אין נייַנטען חודש? די אַקושערין זיצט שוין און וואַרט. אפשר אַ... איך אַ היימ-טע־עפּאָנירען?

**הונא:** טעלעפאָניר.

**יאַקוב:** (געהט אָב אין צימער רעכטס. פויזע)

**מייער:** דו געדענקסט נישט ווען דיין שוועסטער האָט גערעדט וועגען... טויטען ים?

**הונא:** דאָס איז, דאַכט זיך, געוועזן אין אַ ווינטער-אָווענד.

**מייער:** זי האָט נישט אָנגעמערקט אויף עפּעס?

**הונא:** אָנגעמערקט?

**מײַער:** הם... לאָמיר האָפֿן, אַז דײַן שוועסטער וועט זײַן גליקליך דאָרט... הינטער די מויערן...

**הונא:** יאָ, לאָמיר דאָס האָפֿן.

**יאקוב:** (קומט צוריק אַרײַן) אַ דאַנקען גאָט, דינה האָט זיך אַביסעל בערוהיגט. כ'האָב גענומען די אַקושערין, אַז באַלד ווי ס'וועט נאָר עפּעס זײַן, זאָל זי מיר טעלעפֿאָנירען. (נעמט אַ צײַטונג) נו, מײַער, וואָס מאַכט איהר?

**מײַער:** אַ דאַנק, גאַנץ גוט.

**יאקוב:** וואָס הערט זיך נײַעס?

**מײַער:** נישטאָ.

**יאקוב:** און וואָס הערט זיך נײַעס אויף דער בירזע?

**מײַער:** קיין נײַעס.

**יאקוב:** שוואַך. (צו הונאן) די האָסט געזעהען ווי אַזוי זיי זענען געפֿאָהרען?

**הונא:** יאָ.

**יאקוב:** אין אַ אויטאָ?

**הונא:** ניין.

**יאקוב:** כ'רעכען, אַז נישט אין אַ אָמניבוס?

**הונא:** טאַקע יאָ, אין אַ אָמניבוס.

**יאקוב:** פֿאָהרען אין אַ אָמניבוס אויף אַ אײַגענעם חתונה־טאָג צו אַ געהײַראַט! אַ שלעכטער געשעפֿטס־מאַן.

**הונא:** וואָס פֿאַר'ע צוזאַמענהאַנג האָט דאָס מיט געשעפֿט?

**יאקוב:** וואָס פֿאַר'ע שייכות דאָס האָט צו געשעפֿט? דו בזוט אויך אַ שלעכטער געשעפֿטס־מאַן. אַלץ האָט אַ שייכות מיט געשעפֿט. מײַער, בין איך נישט גערעכט? פֿאָהרען אין אַ אָמניבוס אין אַ פֿראַק און אַ ווײַסען בונדער... אָט אַ שטײַגער און אַ געוועהנליכען קאָסטיום... וואָס האָט דער פּאַפּאַ געזאָגט?

**הונא:** גאָרנישט.

**יאקוב:** ווי האָט ער אויסגעזעהען?

**הונא:** ווי געוועהנליך.

**יאקוב:** און די מאַמאַ?

**הונא:** איז געווען אויפגערעגט.

**יאקוב:** פֿערשטעהט זיך, איך בין אויך אויפגערעגט. נײַ־



שאַפֿטען... דינה ליגט, און דער פּאַפּאַ איז בײַם געהײַ־ ראַט הערטונג.

**הונא:** זעץ דיך.

**יאקוב:** כ'קאָן נישט.

**הונא:** רעד נישט אַזוי־פֿיל.

**יאקוב:** דאָס קאָן איך אויך נישט. (געהט איבערן צימער, זעצט זיך) נו, כ'האָב זיך שוין געזעצט, איך וועל שווײַגען. (פּויזע. נעמט אַ צײַטונג, לעזט, דערנאָך שטעהט ער שנעל אויף) איך קאָן נישט. איך קאָן נישט זיצען אַזוי ווי דו און מײַער מיט אַ אָפּען מויל און וואַרטען, אַז מ'זאָלען אַרײַנפֿליִ־ הען געבראָטענע טויבען. זיי פֿליהען קיינמאָל נישט אַרײַן. (געהט צו צום פֿענסטער) דער היינטיגער אָוונט האָט פֿאַר אונז אַ גרויסע בעדייטונג, ס'קאָן זײַן, אַז אויך פֿאַר אײַך, מײַער... ד. ה. איך מיין פֿאַרין קאָנטאָר. איך ליב נישט הערמוגגין מיט זײַן באַנק, נאָר אַז כ'קאָן בײַ איהם דיסקאָנ־ טירען מײַנע וועקסלען אויף אַ האַלבען פּראָצענט, דאַרף איך זיך דערמיט בעגנוגען.

**מײַער:** (שטעהט אויף) טסס...

**יאקוב:** וואָס איז?

**הונא:** (שטעהט אויך אויף) טסס...

**יאקוב:** זיי זענען דאָ... (געהט צו צו דער אַרײַנגאַנג־טיר)

**הונא:** (נאָך איהם. געהענדיג צינדען זיי אָן די עלעקטרישע בעלײַכטונג.)

**מײַער:** (בלײַבט זיצען בײַם טיש)

**יאקוב:** (הינטער דער טיר) אַ גוטען אָוונט, פּאַפּאַ... אַ גוטען אָוונט, מאַמאַ... עפּעס אַזוי פֿריה? הונא און מײַער זענען דאָ אין שטוב.

**הונא:** (אין דער טיר) אַ גוטען אָוונט...

**יאקוב:** געהט אַרײַן, איך וועל שוין אַלײן אַלץ אויפֿרעגנען... (די לעווינ'ס קומען אַרײַן. די טיר בלײַבט אָפֿען. מ'זעהט ווי יאקוב העננט אויף די מלבושים)

## 3-טער אויפטריט.

### די פריהערדיגע, לעווין און רחל.

**לעווין:** (אביסעל בלייך, בלייבט שטעהן אין דער טיר און קוקט זיך שטום ארום) א גוטען אָוועגד!

**רחל:** (שטעלט זיך אויך אַוויילע אָב) ווי ווארם און בעקוועם דאָ איז... (צו הוגאַ'ן) אַ גוטען אָוועגד, זוהן מייגער... אַ גוטען אָוועגד, מייער... (זעצט זיך אויפ'ן עק סאָפע)

**לעווין:** (לאָזט זיך אראָב אין אַ שטול)

**רחל:** צו נעכט איז גוט, נאָר אין דער היים איז נאָך בעסער.

**יאקוב:** (קוממט שנעל אריין) בעסער? וואָס בעסער?

(הוגא און מייער לאַכען. יאקוב צולאַכט זיך אויך)

**יאקוב:** (נעמט אַ שטול און זעצט זיך צו צום טאַטער) נו... דערצעהלט. האַ, וואָס? זיי זעגען געוועזן געבטפרײנדליך? ווער איז געוועזן?

**רחל:** קיינער נישט אַחוץ אונז.

**הונא:** זעלבסטפערשטענדליך.

**יאקוב:** פערשטעהט זיך.

**הונא:** איהר זענט געווען צופרידען?

**יאקוב:** וועגען וואָס האָט איהר גערעדט?

**רחל:** וועגען וואָס מ'דאַרף רעדען...

**הונא:** זעלבסטפערשטענדליך.

**יאקוב:** שוין ווידער זעלבסטפערשטענדליך. אויב אַלץ איז זעלבסטפערשטענדליך, טאָ צו וואָס פרעגען מיר? וואָס האָבען זיי געגעבען?

**רחל:** זופּ...

**יאקוב:** (רעכענענדיג אויף די פינגער) אַזוי... און דערנאָך?

**רחל:** לאָקשען.

**יאקוב:** גוט. און דערנאָך?

**רחל:** הינער.

**יאקוב:** און וואָס נאָך?



**רחל:** און פוטער...

**יאקוב:** נאַרישקייטען, שוואַך.

**רחל:** געבראָטענס... געזידענס...

**יאקוב:** גוט...

**רחל:** אוין... קאָנפעקטען...

**יאקוב:** פיינע נעגנג און קאָנפעקטען – זעהר שעהן.

**לעווין:** (שטעהט פלוצלונג אויף) און די בעסטע וויינען... און די טייערסטע סיגאַרען... און דעם טייערסטען שטאַל...

**רחל:** אַדאָלף!

**יאקוב:** שטאַל?

**לעווין:** אויסוואַרף...

(אַלע קוקען זיך דערשראָקען איבער)

**לעווין:** (געהט צו צום שלאָפצימער) דער כאַלאַט און די שטעקשיך זענען דאָרט?

**רחל:** יאָ.

**לעווין:** (געהט ארויס אין שלאָפצימער, אַ קלאַפּ געבענדיג מיט דער טיר)

**יאקוב:** (קוקט פרעגענדיג און מיט שרעק צו דער מוטער)

## 4-טער אויפטריט.

### די פריהערדיגע, אָהן לעווין.

**רחל:** (קוקט אויף אַלעמען פערצווייפעלט, דערנאָך צוויינט זי זיך און לעגט ארויף דעם קאָפּ אויף הוגא'ס פלייצע)

**הונא:** מאַמאַ, וואָס איז דיר?

**יאקוב:** (שפּרינגט אויף) וואָס איז דיר, מאַמאַ, וואָס איז געשעהען?

**מייער:** (שטעהט אויף) ברענגען אַ גלאָז וואַסער?

**הונא:** (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ)

**מייער:** (גיסט אָן וואַסער)

**יאקוב:** (נעמט ביי איהם דאָס גלאָז, און טראָגט עס צו)

**הונא:** אָט איז וואַסער, מאַמאַ...

רחל: (טרינקט)

יאקוב: (זעצט זיך אויף דער צווייטער העלפט ביהנע)

רחל: הונא... יאקוב, ווי נאַט איז אייך ליב, דער פּאַפּאַ טאָר נאָרנישט בעטערקען. דער פּאַפּאַ אין ער האָבען זיך געקריגט צוליב אסתר'ן.

הונא: זיך געקריגט צוליב אסתר'ן?

יאקוב: פאַרוואָס?

מוטער: (שטעהט אויף און געהט שטיל צו)

רחל: אַך, נאַטעניו, זי איז דאָך נאָך אַ קינד. זיי האָבען זי אַנגערעדט. אָרעם פייגעלע... הונא, שטעל דיר פאָר... יאַקוב, שטעל דיר פאָר... אסתר האָט צוגעזאָגט צו נעמען חופה וקדושין אין קירכע און שמדן די קינדער וואָס וועלען געבוירען ווערען.

יאקוב: (שפּרינגט אויף) שמדן?!

הונא: זי האָט אַזעלכעס צוגעזאָגט?

רחל: יאָ.

יאקוב: וואָס האָט זי ערקלערט? וואָס האָט איהר געטון? זי האָט אייך געלאָזט אַוועקגעהן? איהר זענט אַוועק, און זי איז געבליבען? וואָס רעד איך..

הונא: שטילער...

יאקוב: דאָס איז דאָך אמת'ער אַנטיסעמיטיזם...

רחל: טסס...

יאקוב: (מיט פייער) דאָס איז אַנטיסעמיטיזם... וואָס הייסט, זי האָט זיך געלאָזט אָנרעדען? אַ נידריגער מענש לאָזט זיך אָנרעדען און פערשאַפט עלטערן אַזעלכע צרות... נידריגע נשמה... זאָל זי טויזענד מאָל זיין מיין שוועסטער...

(ביי די לעצטע ווערטער קומט לעווין אריין פון שלאָפצימער. יאקוב רעדט איבער)

## 5-טער אויפטריט.

### די פריהערדיגע, לעווין.

לעווין: (געהט צום טיש, און זעצט זיך) יאקוב... הונא...



און איהר, מוטער... הער'ט! קיינער דאַרף דערפון נישט וויסען - איהר הערט? קיין וואָרט נישט! פערשטאַנען? זאָל קיינער אין שטאָדט נישט וויסען, אַז מיינע אייניקלעך וועלען זיין משומדים. דאָס איז שוין אַ צו ווייט געהענדער פּראָגרעס. אָבער זאָל איך עס נישט דערלעבען... (געהט עטליכע טריט, שטעלט זיך פלוצלונג אָב) וואָס רעד איך?.. איהר געדענקט... איך האָב געפיהלט, אַז אַלץ וואָס קומט פון יענע זייט, איז אַ אומגליק... נו, ווער איז גערעכט?.. איך האָב זיך נאָך קיינמאָל נישט געשעהמט, נאָר היינט האָב איך זיך פערשעהמט, ווען כ'האָב אַ פרעג געטון מיין טאָכטער: „איז עס אמת?", און זי האָט געענטפער'ט: „יאָ, יאָ", און אונז געלאָזט געהן... (געהט עטליכע טריט דרעהט זיך אום) איך בין דאָ געשטאַנען, זי איז דאָרט געשטאַנען, און די מוטער נעבען מיר... „איז עס אמת, אַז דו האָסט צוגעזאָגט צו שמדן דיינע קינדער?". „יאָ, יאָ"... מעהר קיין וואָרט נישט, קיין ריהר, גאָרנישט. בלויז „יאָ". איך האָב זיך געשעהמט... נישט געשעהמט זיך פאַר'ן וואָרט... נאָר איך - ך - ך... נו, יאָ... (מאַכט עטליכע טריט זיך צו בערוהיגען און שטעלט זיך אָב) קאָן איך דען עפּעס טון? ניין. בעשטראָפט דאָס געזעץ מיין טאָכטער דערפאַר, וויל זי נאַ'ט מיך אָב? ניין! אַז אַנדער נאַר'ט מיך אָב און געשעפט רוף איך פאַר'ן צייט, אָבער אַז מיין טאָכטער... (קלאַפּט מיט די פויסטען אין טיש) דאָס איז נידריג... געמיין... רשעות... זי האָט געוואוסט, אַז זי פערשאַפט מיר דערמיט שרעקליכע יסורים - איך בין דער'ויף אייגעגאַנגען. זי האָט געוואוסט מיט וואָס פאַר'ן געמיט איך געה צו איהם צו גאַסט - נאָר איך בין אייגעגאַנגען אויף דער'ויף און אָנגענומען די אייניאָדונג. האָב איך זיך דאָרט שלעכט געהאַלטען? קיינער קאָן מיר דאָס נישט פאָרוואַרפען. איך האָב גערעדט, געגעסען, געטרונקען, און גע'ווכערט זיינע בעסטע סיגאַרען. פו... קאָן איך דען איצט פאַר איהם פאַרביינעהן אז זיך בעגריסען? וועל איך קאָנען פערלייקענען, אַז דאָס איז מיין טאָכטער ווען אין די צייטונגען וועט זיין געדרוקט אַ פערלאָבונגס-אַנזאָגם?.. שוידער-

ראַפּט.. (זעצט זיך. שווייגען)

יאקוב: (הויבט זיך שנעל אויף) יאָ, שוידערהאַפּט... רשעות.

חנה: שטילער.

רחל: יאַקוב...

יאקוב: שוידער־האַפּט, זאָג איך, יאָ... האַנדעלט מען אַזוי? אָבזאָגען זיך פון איינציגעם גלויבען און פערטרייבען דעם פאָטער און מוטער ווי... ווי... האַנדעלט אַזוי אַ יוד? זאָל אונז גאָט היטען פון אַזעלכע יודען...

הונא: יאַקוב...

יאקוב: טראַכטסט נישט אפשר זי צו בעשיצען?

הונא: איך וויל דיר ערקלערען.

לעווין: ערקלערען?

יאקוב: איך דאַנק דיר בעסטענס.

הונא: יאָ. די צייטען בייטען זיך. דאס וואס ס'איז געווען אונגלויבליך מיט צוואַנציג יאָהר צוריק, ווערט איצט מעגליך. אַלין שטראָפט... אפשר צו איין אָרט?

יאקוב: (וויל איהם איבעררייסען)

הונא: יאָ, יאָ, ס'איז מעגליך... פון וואַנען ווייסטו? ס'קאָן זיין, אַז אין דער זעלבער צייט וואס מיר זיצען דאָ אין די פיר ווענד, און וואַרטען אָב אסתר'ן, איז געבוירען געוואָרען אַ נייער געדאַנק, וואָס וועט דערנענטערן אַלע מענשען...

יאקוב: דו ביזט אַ שוואַכער יוד.

לעווין: יאָ.

רחל: ני, נו...

הונא: מעגליך. טייל מאָל דאַכט זיך מיר אָבער, אַז כ'בין שוין צו פיל יוד. איך פיהל מיך צופיל צוגעבונדען... צו די פיר ווענד. אָבער הינטער די וואַנד איז פאַראַן עפּעס נייעס... עפּעס אַ אונבעקאַנטער האָט דורכגעבויערט די וואַנד... און ס'קאָן זיין, אַז דאָס איז גוט, וואָס דאָרט זעהט מען אונז, און מיר זעהען זיי. מוז כל סוף זענען מיר אַלע מענשען.

לעווין: אפשר ווילסטו זיך אויך פערלאָזען אין קירכע?

הונא: דו ווייסט דאָך.

לעווין: הייסט עס, נייז...



יאקוב: אָדער שטרין די קינדער...

הונא: אויך נישט.

יאקוב: איהר זעהט...

לעווין: אויף אַזויפיל גלויבסטו נאָך...

הונא: גלויבען? דאָס וואס איך רייד, האָב נישט קיין צוזאַמענהאַנג מיט גלויבען. גלויבען?... אַז צו מיר, אַלס דאָקטאָר, קומט אַ מענש, פרעג איך איהם נישט אין וואָס ער גלויבט. דאס איז אַ מענש, וואָס דאַרף מיין הילף, און איך העלף איהם. אָט דאָס איז מיין גלויבען. (געהט אַוועק פון טיש. פויזע. מהערט קלינגען דעם טעלעפאָן)

רחל: דער טעלעפאָן...

יאקוב: דאָס מיינט מען מיך... (געהט שנעל אַרויס)

הונא: (הערט זיך בעאונרוהיגט צו, צוגעהענדיג צו דער טיר) (שטילקייט, מ'הערט זיך יאַקוב'ס אַ הויכער אויסגעשריי)

לעווין: (שטעלט זיך אויף)

יאקוב: (פרעהליך) פאַפּאַ... מאַמע.

רחל: (שטעהט אויף)

לעווין: (געהט צו צו דער טיר)

יאקוב: (בעווייזט זיך אויף דער שוועל. ער וויינט און לאַכט. דערזעהענדיג דעם פאָטער, פאַלט ער איהם אויפ'ן האַלז) פאַפּאַ... פון דער היים... דינה... דינה...

רחל: (געהט צו איהם צו. ער נעמט זי אַרום)

יאקוב: מאַמא... דינה... דינה... דינה האָט געבוירען אַ יונגעל... (פויזע)

לעווין: (געהט צו צו יאַקוב'ן, בויגט איין דעם קאָפּ, קושט איהם שוואַנקענדיג, לעגט אַ האַנד אויף זיין קאָפּ, און שעפּטשעט עפּעס מיט די ליפּען, געהט צו צו דער אַלטער, קושט זי אין די ליפּען, און דערנאָך אין ביידע באַקען)

יאקוב: (נעמט אַרום הונאָ'ן און מייער'ן)

הונא און מייער: (געהען צו צו די לעווינס און גראַטולירען זיי)

יאקוב: (צו זיך) זיבען מיט אַ האַלב פונט... (אַלע לאַכען. ער נעמט די עלטערן פאַר דער האַנד) זיבען מיט אַ האַלב... אַ קליין, דיק באַנקירל... (אַלע לאַכען הויך. די טיר עפענט

זיך שטיל און אויף דער שוועל בעווייזט זיך אסתר. לעווין בעמערקט זי דער ערשטער און הערט אויף צו לאכען. די איבריגע, אויסער יאקוב'ן, וואס לאכט ווייטער, דרעהען זיך צו איהר אום, און בלייבען שטיל. יאקוב בעמערקט זי דער לעצטער און הערט אויך אויף צו לאכען. פויזע)

## 6=טער אויפטריט.

### די פריהערדיגע, אסתר.

**אסתר:** (שטיל) א גוטען אווענד...

**הונא:** גוטען אווענד...

**רחל:** גוטען אווענד.. (פויזע)

**אסתר:** (געהט פאמעליך צו צו דער סאפע, און זעצט זיך, קוקענדיג מיט שרעק אין הלל)

**רחל:** (גיט א וואונק, אז אלע זאלען ארויסגעהן)

**יאקוב:** א גוטע נאכט...

**הונא:** איך געה מיט דיר...

**רחל:** א גוטע נאכט, קינדער... גיב אב א גרוס דינה'ן.

**יאקוב און הונא:** (געהען ארויס)

**לעווין:** (בעגלייט זיי)

**מייער:** (נעמט נישט אראב א אויג פון אסתר'ן)

**לעווין:** (שטעלט זיך אין דער טיר) מייער, איהר געהט אייך אהיים?

**מייער:** (ברומט אונטער) יא... העדר לעווין... (פערניינט זיך) א גוטע נאכט .. (אב, בעגלייט דורך לעווינ'ן)

## 7=טער אויפטריט.

### די פריהערדיגע, (אהן) לעווין, יאקוב, הונא און מייער.

**רחל:** (ווארט צו ביז די אייננאנג=טיר ווערט פערמאכט, דערנאך נעהט זי צו צו אסתר'ן, זעצט זיך און נעמט זי אין פאר'ן האנד)

**אסתר:** (וואס איז געזעסען אונבעוועגליך, פאלט, א בליפענדיגע, איהר אויפ'ן ברוסט) מאמא...

**רחל:** נו... נו...

**אסתר:** מאמא...

**רחל:** יא... יא...

**אסתר:** אך, מאמא...

**רחל:** נו... אסתר... טייערע... (פויזע)

**אסתר.** (הערט אויף וויינען)

**רחל:** (ווישט איהר אוים די אויגען מיט א נייו טיכעל)

**אסתר:** איך פערשטעה גארנישט. אז כ'בין פריהער דארט אריינגעקומען, האב איך זיך געדארפט דיר ווארפען אויפ'ן האלז, בעטען ענטשולדיגונג און צוזאמען מיט דיר א היים־געהן. איך האב אבער געפיהלט, אז כ'האב שלעכט געטהון, כ'האב זיך געשעהמט... נאר צוליב עפעס א עקשנות האב איך נישט געקאנט...

**רחל:** כ'פערשטעה... כ'פערשטעה..

**אסתר:** איך בין געווען אזוי גליקליך. איך האב איהם אזוי געליבט. איך האב וועגען עפעס אנדערש גארנישט געטראכט, דעריבער, מאמא, האב איך אזוי געטהון...

**רחל:** יא... יא... דעריבער האסטו אזוי געטהון..

**אסתר:** איך האב איהם אזוי שטארק געגלויבט... דעריבער, מאמא, האב איך אזוי געטהון... ער האט מיך אבער נישט פערשטאנען. איך האב איינגעוויליגט, ווייל ער האט עס מיך געבעטען, און אויסער איהם האט פאר מיר קיין זאך נישט עקסיסטירט. אבער עס איז נישט אזוי, מאמא. איך האב געמיינט, אז ער וועט אליין פערשטעהן, ער האט אבער נישט פערשטאנען, נישט פערשטאנען...

## 8=טער אויפטריט.

### די פריהערדיגע, לעווין (קומט אריין)

**אסתר:** (הויבט אויף דעם קאפ)

לעווין: (געהט רוהיג צו צום שלאָפצימער)

רחל: אדאָלף...

לעווין: וואָס?

רחל: (ווינקט צו איהם)

לעווין: דאַרפסט מיך עפּעס האָבען?

רחל: קום אהער. (שטעלט זיך אויף, און מאַכט א פּלאַץ פאַר'ן מאַן.)

לעווין: (זעצט זיך)

אסתר: (בויגט זיך איין, און קושט איהם די האַנד) זייַ מיר מוחל... (שווייגען) ווען איהר זענט אוועק, האָב איך זיך אַלץ געזאָגט, איך האָב געמיינט, אַז מיר קאָנען לעבען אייַנער דעם אַנדערן... אָבער פון געשפּרעך האָב איך אַרגעזעהן, אַז צווישען מיר און זיי איז עפּעס... כ'קאָן נישט... כ'וויל נישט... איך האָב צוגעזאָגט דאָס, וואָס כ'קאָן נישט טון... צוליב דיר, פּאַפּא... צוליב דיר, מאַמא... און ענדליך צוליב זיך אַליין. איך האָב זיי דאָס געזאָגט.

לעווין: איהם אויך?

אסתר: יאָ.

לעווין: (שטעלט זיך אויף, לאַכענדיג, און מאַכט עטליכע שריט)

רחל: נו, וואס איז ווייַטער געווען?

אסתר: איך בין אַוועק.

לעווין: אַוועק, און זיי?

אסתר: ווייס איך נישט.

לעווין: וואס האָט דייַן חתן געזאָגט?

אסתר: (פאַלט כליפּענדיג אויף דער מוטער'ס ברוסט)

לעווין: זאָל אַלץ... געענדיגט?

רחל: (גיט איהם א צייכען, אַז ער זאָל שווייגען) נו... נו...

אסתר: מאַמא... כ'מאַמא...

רחל: נו... נו... מיין קינד... יאָ... יאָ... וואָס זאָל מען טון? דאָס וואָס ס'איז דאָרט געשעהען, האָבען מיר, איך און דער פּאַפּא, שוין פערגעסען. (צום מאַן) נישט



אמת?

לעווין: (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ)

אסתר: (ווײנט שטאַרקער)

רחל: ניין, כ'מײן האַרץ, דו ביזט נישט שולדיג... דאס וואָס ס'האָט הײַנט פּאַסירט, האָט שוין געטראָפען הונדערטער מאָל. ווער ס'איז און דעם שולדיג, ווײס איך נישט, נאָר אַזוי איז עס און וואַרשײַנליך וועט עס אַזוי שוין בלײַבען.

(מ'קלינגט, זיי הערען זיך איין, מ'קלינגט נאָך אַמאָל.)

לעווין: (געהט אַרויס אין קאָרידאָר, אויפלאָזענדיג די טיר. ס'הערט זיך יערמען'ס שטימע)

אסתר: (שטעהט שנעל אויף און גרייט זיך צו געהן אין שלאָפּ-צימער).

רחל: (שטעלט זיך אויך אויף אין דער זעלבער צייט) אסתר... דו וועסט דאָ בלײַבען.

אסתר: (שטעלט זיך אָב ביים טיש)

יערמען: (קומט אַריין אין הוט און פּאַלטאָ.)

לעווין: (נאָך איהם)

## 9=טער אויפטריט.

## די פריהערדיגע, יערמען.

יערמען: גוטען אָוועגד... (געהט צו צו דער אַלטער, לעווין געהט איהם פּאַמעליך נאָך) גוטען אָווענד... איהר וועט מיר ענטשולדיגען... נאָר כ'האָב נישט געקאָנט... איך האָב געדאַרפט נאָך הײַנט... ענטשולדיגט.

לעווין: ביטע... איהר וועט אפשר זיצען?

יערמען: כ'דאַנק.

לעווין: גוט, זײַט אַזוי גוט, אײַער הוט.

יערמען: אַ דאַנק. (פּויזע. ער זעצט זיך אויף אַ שטול)

לעווין: (לעגט איהם אָב דעם הוט אויף אַ בענקעל פון מיטען, זעצט זיך אויף דער סאָפע נעבען דער אַלטער)

אסתר: (שטעהט, אָנלעהנענדיג זיך אויפ'ן מיטען טיש, קוקט פאַר-

זיך)

**יערמען:** מיר איז געווען אַזוי שווער... נאָר איהר, קאָן זיין...
(לאָזט אַראָב דעם קאָפּ)

**לעווין און רחל:** (רוקען זיך צו איינער צום אַנדערן)

**אסתר:** (בלייבט אומבעוועגליך)

(פּויזע)

**יערמען:** (הויבט אויף דעם קאָפּ און ווענדעט זיך צו איהר) איך ליב דיך, אסתר... דעריבער בין איך געקומען. דאָס וואָס ס'איז היינט פּאָרגעקומען, טאָר שוין מעהר קיינמאָל נישט געשעהן, איצט ערשט האָב איך עס פערשטאַנען. היינט האָב איך ערשט דערפיהלט און פערשטאַנען דאָס וואָס כ'האָב פריהער נישט געוואוסט. ס'קאָן זיין, אַז דאָס איז דאָס שענסטע אין דיר, דאָס וועט מיר העלפען אין לעבען, אויב מיר וועלען זיך ווייטער צוזאַמענגעהן איינער מיט'ן אַנדערן. (קורצע פּויזע)

**לעווין און רחל:** (קוקען אויף אסתר'ן)

**אסתר:** (שווייגט)

**יערמען:** (ווענדעט זיך צו די אַלטע) איך האָב ליב אסתר'ן, איך האָב זי נאָך שטאַרקער ליב, ווייל זי איז אַ יודיש קינד. ווען זי איז דאָ אַהערגעגאַנגען צו אייך, האָב איך זי ליבער בעקומען. איך האָב דערפיהלט אַזעלכע פאַר־וואורפען, וועלכע כ'וועל שוין קיינמאָל נישט פערגעסען.

(פּויזע)

**לעווין:** (שטעהט אויף, געהט צו צו אסתר'ן, נעמט זי אָן פאַר דער האַנד, פיהרט זי צו צו יערמען'ן, און שטעלט זיך נעבען טיש).

**יערמען:** אסתר...

**אסתר:** (לעגט איהר קאָפּ אויף זיין אַקסעל. פּויזע)

**יערמען:** איך וויל ביי דיר גאָרנישט צונעמען, דאָס וואָס געהער דיר, זאָל בלייבען דיינס. דאָס וואָס דו האָסט ביז היינט ליב געהאַט, ליב אויך ווייטער. דאָס וועט פאַר מיר זיין הייליג, איך שווער עס דיר. מיר וועלען זיך העלפען איינער דעם אַנדערן, וויפיל מ'וועט נאָר קאָנען... זאָגסט מיר עס צו, אסתר?



**אסתר:** (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ)

**יערמען:** ס'איז היינט אַזאַ שעהנע נאַכט, כמעט אַ פריהלינגס־נאַכט... (צו די לעווינ'ס) אסתר קאָן מיט מיר געהן?

**אסתר:** (הויבט אויף דעם קאָפּ, און קוקט אויף איהם. בעמערקענדיג דעם פאָטער, געהט זי צו איהם צו, קושט איהם און געהט שנעל ארויס אין קאָרידאָר.)

**יערמען:** (ווענדעט זיך צו לעווינ'ן, און דריקט איהם די האַנד) איך בין אייך פיל שולדיג...

**לעווין:** וואָס?

**יערמען:** דאָס קאָן איך נישט ערקלערען... נאָר איך פיהל, אַז מיר זענען זיך איצט נעהנטער געוואָרען, דעריבער וויל איך און אַלע אייערע האָבען מיך אויסגעלערנט פיל זאַכען וועלכע כ'האָב פריהער נישט געוואוסט.

**לעווין:** וואָס האָב איך אייך אויסגעלערנט? וואָס האָבען מיר אייך געקאָנט אויסלערנען, העלפען איינער דעם אַנדערן, און איהר האָט אַליין געזאָגט... וואָס נאָך?

**אסתר:** (אָנגעטון, אין טיר) אַ גוטע נאַכט...

**יערמען:** אַ גוטע נאַכט. (אָב)

# 10-טער אויפטריט.

## די פריהערדיגע, (אָהן) אסתר און יערמען

**לעווין:** (בעגלייט זיי ביז צו דער טיר, און פערשליסט זי) יאָ, רחל...

**רחל:** יאָ, אַדאָלף...

**לעווין:** וואָס זאָגסט דו?

**רחל:** וואָס זאָל איך זאָגען? (זעצט זיך צו איהר אַרבייט)

**לעווין:** (שטעהט פערטראַכט) רחל, איך האָב ערגעץ וואו געלעזען, אַז ווען די מענשען וואָלטען צווישען זיך מיט ליבע צוטיילט די יסורים פון לעבען, וואָלט מען ווי ס'איז דורכגעקומען. לאָמיר האָפען, אַז ס'וועט אַמאָל אַזוי זיין. (געהט צו צו דער עלעקטריע) איך פערלעש.

**רחל:** יאָ, שוין צייט.

לעווין: (פערלעשט)

רחל; (געהט צו צום טישעל)

לעווין: דו געהסט אויך?

רחל: (זעצענדיג זיך אויף א שטול) ניין, איך וועל צוווארטען ביז אסתר וועט קומען.

לעווין: א גוטע נאכט, רחל..

רחל: א גוטע נאכט, אדאלף...

לעווין: (אב אין שלאפצימער)

רחל: (הויבט אויף דעם קאפ, אראבלאזענדיג די ארבייט) נאטעניו, ס'איז אוועק מיין קינדס גליק...

פֿאָרהאַנג.